יעקב שמואל טויבש

# אויף יידישע יסודות

## עסייען

לאנדאן, תש״ח

1948

דרוק און פארלאג: י. נאראדיצקי

# תוכן

ג ע װ י ד מ ע ט

מײן ליבן, חשובֿ'ן פֿרײַנט,

**הרב חיים אורי עטנער**,

דער מחבר

# אריינפיר

עס איז פאראן א סברא, אז מיט א בעל־מאמין קען מען בכלל נישט דיסקוטירן אויף א ראציאנאלן אופן. בסך־הכל איז דער מחבר פון די דאזיקע יידיש־רעליגיעזע עסייען מסכים מיט דער סברא. נאר מיט א קליינעם צוגאב. ער האלט, אז דער אנדערער צד איז אויך א מאמין. ער לייקנט גאר אינגאנצן אין אפיקורסות. ער האלט דעם איינגע׳עקשנ׳טסטן אטעאיסט נישט פאר קיין מענטש אן אמונה, נאר פאר א מענטש מיט אן אנדערער אמונה.

דער מחבר האט דערביי אין זינען א באמערקונג פון פרצ׳ן. אין איינעם פון זיינע מייסטערשע מעשה׳לעך פירט פרץ אויס, אז אין תוך גענומען שטייט אלצדינג אויף אמונה.... און הגם ער אנטוויקלט דעם געדאנק מיט יענעם חידוש׳דיקן, האלב איראנישן און האלב ערנסטן אונטערטאן, וואס איז אזוי כאראקטעריסטיש פאר אים, איז ער דערביי פארט מכוון א טיפן פילאזאפישן אמת.

פרץ מיינט צו זאגן, אז נישט נאר דער גלויבן אין גאט דארף ווערן באצייכנט ווי אן אמונה, נאר אז יעדער פילאזאפישער סיסטעם, יעדע וויסנ־שאפטלעכע טעזע, יעדע סאציאלע באוועגונג האט ערגעצוואו א פונקט, וואס ווערט אנגענומען אויף א ריין אינטואיטיוון אופן. דער שורש פון יעדער שיטה איז אן אקסיאם, א דאגמע, וואס קען נישט ווערן באוויזן און וואס נויטיקט זיך בכלל נישט אין קיין באווייז. אזוינע מיני „גלויבנספונקטן" בלייבן ס׳רוב מאל באהאלטן, ווערן אריינגעשטעלט, אריינגעשמוגלט אין סיסטעם אריין שטילערהייט, כדי דער „ריין ראציאנאלער" פילאזאף זאל נישט דארפן מודה זיין, אז סוף כל סוף האט ער אוך געמוזט אנקומען — צו אמונה....

אט, למשל, האט דער מחבר אנגעוויזן, אין אן אנדערן שייכות, אז דער זאץ פון דעקארט (קארטעזיוס), וואס מיט אים הויבט זיך אן די מאדערנע אייראפעאישע פילאזאפיע פון ספקות, אז זיין בארימטער מאמר "Cogito ergo sum" — „איך טראכט, דערפאר בין איך" — אנטהאלט אויך אזא מין אריינגעשמוגלטע אמונה. די פילאזאפישע קונץ, קודם אוועקצו׳כישופ׳ן דעם „איך", כדי אים דערנאך צו באווייזן, איז דעקארט׳ן אבער נאר געלונגען צוליב דעם, וואס ער האט געשריבן לאטייניש. אויב ער וואלט געוועזן גע־שריבן פראנצויזיש, צי ענגליש, צי יידיש, וואלט ער געמוזט בולט ארויס־שטעלן דעם שם־גוף, וואלט ער געמוזט ארויסזאגן דעם „איך" בפירוש, וואלט ער געמוזט שרייבן: „איך טראכט, דערפאר בין איך" און דאס וואלט

געהייסן: „איך בין, דערפאר טראכט איך, דערפאר בין איך". דאָס אָבער וואָלט געווען גאָר אַ קנאַפּער אויפטו און לחלוטין קיין חידוש נישט. אפשר אָבער וואָלט די גאַנצע מאָדערנע פילאָזאָפישע אַנטוויקלונג געגומען אַן אַנדערן וועג, אויב מען וואָלט נישט פאַרגעסן אינעם „איך", אין יענעם קליינטשיקן, אָבער פאַטאַלן ווערטל, יענעם „איך", וואָס היינט ווערט ער בטל בששים, פאַרלירט ער זיך און גייט אונטער אינעם אַש־גרויען ים פון אַ מאָנאָטאָנעם קאָלעקטיוויזם....

אויף אַן ענלעכן אופן האָלט דער מחבר דעם פרינציפּ פון קאָמוניזם פאַר אַן אמונה, פונקט אַזוי ווי זיין נאָנטן קרוב און קעגנשפּילער, דעם פאַשיסטישן פרינציפּ.

דער פילאָזאָפישער מאַטעריאַליזם און זיין שפּראַך, דער עקאָנאָמישער פאַטאַליזם פון מאַרקס'ן בויען זיך אויף אַקסיאָמען, ווי למשל אויפ'ן אַקסיאָם, אַז דער היסטאָרישער פּראָצעס פירט בעל כרחו צו דער „קלאַסנלאָזער געזעלשאַפט". די פאַשיסטישע פאַרגעטערונג פונעם שטאַט איז אַ דייטלעכע, אַ דרייסטע דאָגמע.

אין דעם זין מעג מען געוויס מסכים זיין, אַז מיט אמונות פירט מען נישט קיין ויכוחים, ווייל וועגן דאָגמעס קען מען נישט דיסקוטירן און וועגן פּרינציפּן נישט פּאָלעמיזירן. און עס איז נאָר אַ סימן פון גייסטיקער נאַאיוויטעט, אויב מען פּרוּווט אַטאַקירן אַן אמונה מיט לאָגישע אַרגומענטן.

פונדעסטוועגן, הגם דאָס איז נישט מעגלעך, איז אָבער מעגלעך אַן אַנדערע זאַך. עס איז מעגלעך, פאַר יעדן איינעם פון זיין מצב, צו אַנאַליזירן די ראַציאָנאַלע קאָנסעקווענצן פון אַן אַקסיאָם; עס איז מעגלעך, אויפצעווייזן די סתירות צווישן אַ שטאָלצער טעאָריע און דער שפּל'דיקער פּראַקסיס, עס איז מעגלעך אָפּצושאַצן די השפעות פון אַן אמונה אויפ'ן רעאַלן לעבן.

י. ש. טויבש.

# מאַטעריאַליסטישע סתירות

היינטצוטאָג דאַרף מען נישט זיין נישט קיין מגיד און נישט קיין מוסר־זאָגער, כדי צו באַמערקן, אַז מיר לעבן אין אַ וועלט פון הפקרות. עס איז אַ דבר ידוע, אַז די מענטשהייט האָט אַרויסגעלאָזט די לייצן פון אירע הענט און ווייסט נישט, וואוהין די צעפלאַשעטע פערד וועלן צופירן דעם וואָגן פון דער מענטשלעכער געשיכטע און צי וועט ער נישט אפשר, פּלוצים, אַראָפּפאַלן ערגעץ אין אַ שווידערלעכן אָפּגרונט, אַ וויסטן תהום און דאָרט צעשמעטערט ווערן אויף פּיץ־פּיצלעך.

די מענטשהייט האָט אָנגעוואוירן דעם קאָנטראָל איבער אירע גייסטיקע כוחות, די ממשלה איבער אירע מאַטעריעלע מיטלען. מער נאָך, זי העלפּט אַפילו אַליין צו צו דער מפּלה. זי באַשאַפט, ווי אונטער אַ היפּנאָטישער השפעה, אונטער אַ מין משונה־אכזריות׳דיקן צוואַנג, מיט אירע אייגענע הענט די כלים פאַר דער קאַטאַסטראָפע. זי באַשאַפט אַליין די מזיקים, די פאַלשע געטער, פאַר וועלכע זי איז דערנאָך געצוואונגען, מקריב צו זיין איר אייגן פליייש און בלוט, אירע אייגענע זין און טעכטער, ווי פאַרצייטנס, ווען מען האָט זיי דורכ־געפירט דורך דעם פייערדיקן מויל פון אַ מולך. און איצט, אין דער מינוט, האַלט מען ביים אויפשטעלן אַ נייעם אָפּגאָט, אַן אָפּגאָט, וואָס איז עלול חרוב צו מאַכן אַ וועלט, דעם אָפּגאָט, וואָס רופט זיך — אַטאָמישער כוח!

ווי אַזוי איז דאָס געוועזן מעגלעך? וויאַרום האָט זיך געקענט אַנטוויקלען אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלער מצב, אַזאַ זעלבסטמערדערישע טענדענץ? וואָס איז גע־ווען די סבה, וואָס האָט גורם געווען אָט דעם פאַטאַלן, דעם טראַגישן צו־שטאַנד?

עס איז נישט פאַרהאַנען קיין טראַגעדיע אָן שולד. די טראַגעדיע פון דער מענטשהייט איז דער פּועל יוצא פון מענטשלעכער שולד. דאָס איז, לכל הפּחות פון אַ רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, ווי אַ פעסטער אַקסיאָם. די וועלט איז אָבער דורכאויס ניט גענייגט, זיך מודה צו זיין אויף דער שולד. יעדער איינער פּרואווט אַראָפּצוואוואַרפן דאָס אחריות פון זיך און עס אַרויפצולייגן אויפן אַנ־דערן. על כל פּנים איז מען אָבער מיט אָט דער אַלגעמיינער באַשולדיקונג מסכים אין איין פּונקט. מען איז מסכים, אַז עס איז פאַראַן ש ו ל ד און אַז מען דאַרף זי אויספאָרשן ביי אונדז מענטשן גופא.

פון דעם כלל מאַכט אַפילו די אפּיקורסישע, די מאַטעריאַליסטישע שיטה קיין אויסנאַם נישט, הגם עס באַשטייט דערביי אַ וויכטיקער, כאַראַקטעריסטי־שער אונטערשייד. בעת דער גלייביקער מענטש רעדט פון שולד, האָט ער אין

זינען זיך, זיין אייגן פאָלק און די גאַנצע מענטשהייט, רעדט ער פון „עוונותינו הרבים", ווייל ער האָט אַ ידיעה פונעם אחריות פון אַלע מענטשן און פעל־קער. און ווייטער ווייסט ער, אַז ביים אויספאָרשן אַ שולד דאַרף מען, קודם כל, „מפשפש" זיין אין זיינע אייגענע מעשים, אָוועקקערן פון פאַר דער אייגע־נער טיר.

דער מאַטעריאַליסט אָבער, ער באַשולדיקט — צום ווייניקסטן אויפן פאָליטישן פעלד — שטענדיק דעם אַנדערן צד. ער צייכנט די וועלט אין דער „שוואַרץ־ווייס"־טעכניק. אַלע ווייסע שאָף, אַלע ריינע מלאכים שטייען אויף איין זייט און אַלע שוואַרצע שעפסן, אַלע ברודיקע טייוולאָנים ראַיען זיך אויף דער אַנדערער זייט.

און נאָך איין חילוק איז פאַראַן. דער בעל־מאמין, אויב ער שטרעבט נאָך אַ תקון, וויל ער מתקן זיין דעם מענטש. דער מאַטעריאַליסט וויל מתקן זיין די אינסטיטוציעס, דעם „סיסטעם", וויל איבערמאַכן די וועלט און דווקא אַ וועלט, וואָס „פראָגרעסירט", אין זיין השקפה, לויט אַ פאַרשטאַרטן, אומ־פאַרענדערלעכן געזעץ.

אגב אורחא, ליגט אין דעם פאַרנעם פון דעם רעאַליזירטן, ממשות'דיקן מאַטעריאַליזם, וואָס ער שטרעבט איבערצואַנדערשן די וועלט אויף אַ רעוואָ־לוציאָנערן אופן, איינע פון די גרעסטע און עד היום נישט פאַרענטפערטע סתירות פון דער מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, דעם אַזוי גערופענעם היס־טאָרישן מאַטעריאַליזם, וואָס ער לייקנט אין דער בחירה, אינעם פרייען ווילן. לויט דער מאַטעריאַליסטישער טעאָריע איז די גאַנצע היסטאָריע מער נישט, ווי אַ ריין מעכאַנישער פּראָצעס, אַ מין געצוואונגענער, אויטאָמאַטישער אַפּלויף פון געשעענישן, וואָס שפּילן זיך אָפּ לויט דעם אייזערנעם געזעץ פון סבה און פעולה, פון אורזאַך און ווירקונג, לויט דעם פּרינציפּ פון קויזאַליטעט. — לויט אַזאַ פּרינציפּ וואָלט מען אָבער — אויף אַ קאָנסעקווענטן אופן — בכלל נישט געטאָרט אָפּערירן מיט דעם באַגריף: שולד. אחריות און שולד זענען מאָראַ־לישע באַגריפן, פּונקט ווי גוט און שלעכט. אַזאַ עטישער אונטערשייד, אַזעלכע מאָראַלישע קוואַליטעטן, „ווערט־אורטיילן", ווי די פילאָזאָפיע רופט דאָס, זיי־נען אָבער נאָר מעגלעך בתנאי פון אַ פרייען מענטשלעכן ווילן, אַ ווילן, וואָס קען דווקא יאָ דורכברעכן די אייזערנע קראַטעס פון אורזאַך און ווירקונג, קען אַרויסשפּרינגען פון די שטאָלערנע נעצן פונעם קויזאַלן פּרינציפּ און טון מעשים מיט פערזענלעכן אחריות.

די טענה, מיט וועלכער די מאַטעריאַליסטישע השגה האָט זיך געפּרוּווט פאַרענטפערן אָט די בולט'ע סתירה איז, אין תוך, די גלייכע, וואָס שפּינאָזאַ, דער אבי־אבות פון דער גאַנצער מאָדערנער און בפרט דער דייטשער פילאָזאָ־פיע, האָט באַנוצט, אַז מען האָט אים געפרעגט, צי טאָר מען שטראָפן אַ גנב, ווייל יענער האָט דאָך „געמוזט גנב'ענען" — לויט דעם פּרינציפּ פון קויזאַלי־

טעט. דער קלאַסישער ענטפער זיינער איז געווען: „דער גנב האָט טאַקע געמוזט גנב'ענען און מיר האָבן אים געמוזט שטראָפן".

געמוזט! אָן ווילן, אָן אחריות, אָן שולד, ווי אַ מאַשין, אַ ראָבאָט, אַ גולם, דער מאַטעריאַליסטישער וועלט-גולם!

פאַרשטייט זיך, אַז אַזאַ השערה האָט געמוזט פירן צו אַ דערנידריקונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, צו אַ פאַרשוועכונג פון דעם מענטשנס ווילן און צו אַ ירידה פון זיין מאָראַלישן באַוואוסטזיין, וואָס האָבן לויט קאָנסעקווענטע מאַטעריאַליסטישע אויפפאַסונגען, סיי ווי סיי קיין רעאַלן ממשות ניט.

מיר ווילן נישט באַהויפּטן, אַז נאָר דער דאָזיקער, ריין פילאָזאָפישער פאַרנעם אַליין, האָט גורם געווען, אַז דער דערנידריקטער, פאַרשוועכטער און מאָראַליש דעגראַדירטער מענטש האָט פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער זיינע מעשים. ניט דאָס אַליין איז געווען די סבה פון דער וועלט-קאַטאַסטראָפע, אָדער אייגנטלעך פון דער סעריע פון קאַטאַסטראָפעס, וואָס האָבן באַפאַלן אונדזער דור. אָבער עס איז זיכער נישט געזאָגט צו פיל, אויב מען באַהויפּטעט, אַז מען קען דעם פאַרנעם געפינען, ווי אַ גייסטיקן סובסטראַט, אין כמעט אַלע דערשיינונגען, וואָס האָבן צוגעפירט צו דעם היינטיקן וועלט-מצב.

דער מאַטעריאַליסטישער פאַרנעם, וואָס איז דיאַמעטראַל אַנטקעגנגעזעצט צום רעליגיעזן באַגריף פון פערזענלעכן אחריות, האָט זיך אַנטוויקלט און איז געוואַקסן פאַראַלעל מיט דער פאַרשוועכונג פון דער גלייביקער וועלט-אויפפאַסונג, דער רעליגיעזער דעגענעראַציע פון אייראָפּע, וואָס הויבט זיך אָן מיט שפּינאָזאַ און גרייכט ביז אין אונדזערע טעג און וואָס אין דעם ליגט די אייגנטלעכע שולד פון דער אייראָפּעאישער מענטשהייט.

ווייל רעליגיע איז, באַוואוסט און בכיוון, יענער עטישער כוח, וואָס איז עלול צו קאָנטראָלירן דעם מענטשנס מעשים, צו באַגרענעצן זיינע אומענדלעכע שטרעבונגען און צו רעגולירן אַלע מענטשלעכע טענדענצן אויף אַזוי וויט, אַז זיי זאָלן נישט אונטערגראָבן, נישט אַראָפּדריקן דעם עטישן מצב פונעם דור, אין אַ באַשטימטער היסטאָרישער ערא; דאָס הייסט, צו פאַרהיטן, אַז די פאַרשידענע צווייגן פון דער מענטשלעכער קולטור, ווי פילאָזאָפיע, וויסנשאַפט, ווירטשאַפט און אַנדערע, זאָלן ניט אַריבערשטייגן די עטישע קוואַליפיקאַציע פון די מענטשן אין אַ געגעבענער היסטאָרישער פעריאָדע.

אַנטי-רעליגיעזע שיטות האָבן דערפון געדרונגען, אַז רעליגיע איז אַ פינצטערער כוח, אַ טונקעלע מאַכט, וואָס אונטערדריקט דעם „פרייען געדאַנק", פאַרשקלאַפט די „פרייע פאָרשונג" און באַמיט זיך צו קאָנטראָלירן און צו פאַרהאַמעווען דעם „פּראָגרעס". אָט די אויפפאַסונג איז ביזן היינטיקן טאָג דער עטיקעט, וואָס איין אַנאַלפאַבעט פלאַפּלט נאָך דעם אַנדערן, בפרט אָבער אַנאַלפאַבעטן פון יענע שיטות, וואָס היינט האַלטן זיי דווקא אין איין שרייען און געוואַלדעווען, אַז אין וואָס די וועלט נויטיקט זיך, איז „קאָנטראָל"...

און זיי קאָנטראָלירן טאַקע — אויף אַ דראַקאָנישן אופן — אַלץ, וואָס זיי קענען נאָר. אַ חוץ דער ווירטשאַפט, פאַרשטייט זיך, און די מיטלען פון פראָ-דוקציע, קאָנטראָלירן זיי די פּרעסע, די וויסנשאַפט, די פילאָזאָפיע און אַפילו די „שיינע ליטעראַטור״. זיי שרייבן פיר די שרייבערס, וואָס זיי דאַרפן שרייבן, זיי ווייזן אָן די וועגן, אויף וועלכע מען מוז גיין, און אויב נישט, לאָזט מען זיי בכלל נישט גיין, נאָר מען זעצט זיי טאַקע באַלד איין און זיי בלייבן זיצן...

מיט די „פינצטערע כוחות״ פאַרהאַלט זיך עס אין דער אמת׳ן אַזוי, אַז אויב רעליגיע איז, אין אַ באַשטימטער פּעריאָדע, אויפגעטרעטן קעגן פילאָזאָ־פיע, האָט דאָס לחלוטין נישט געמיינט, אַז זי האָט בדעה צו אונטערדריקן דעם מענטשלעכן געדאַנק. זי האָט נאָר געוואָלט פאַרהיטן, דער געדאַנק זאָל נישט פאַרפליען צו ווייט און צו הויך און אַז ער זאָל בלייבן אין אַ פּראָפּאָרציאָנאַלן שייכות מיט דער עטישער קאַפּאַציטעט פון דער געגעבענער גענעראַציע. זי האָט געוואָלט פאַרהיטן, אַז דער מענטש זאָל ניט אָנווערן זיין ממשלה איבערן געדאַנק, ווי עס האָט טאַקע שפּעטער געטראָפן. לויט דעם דייטשן פילאָזאָף פיכטע, למשל, וואָלט מען, ווי היינע באַמערקט, בכלל נישט באַדאַרפט זאָגן: „איך טראַכט״ נאָר ריכטיקער „ עס טראַכט אין מיר״, אַ בולט׳ער באַוויז דערפון, ווי דער איך, די פּערזענלעכקייט האָט פאַרלוירן דעם קאָנטראָל איבער דעם שכל, איבער דער „ראַציאָ״, וואָס האָט זיך געמאַכט זעלבשטענדיק, גע־וואָרן, להבדיל, אַ גאָט.

אויב רעליגיע איז אויפגעטרעטן, אין אַ באַשטימטער פּעריאָדע, קעגן וויסנשאַפט, צי קעגן דער מכלומרשט „פרייער פאָרשונג״, איז דאָס נישט גע־ווען, כדי צו אונטערדריקן די אַנטוויקלונג פון מענטשלעכן וויסן, נאָר כדי צו פאַרהיטן, אַז די וויסנשאַפט זאָל ניט איבערשטייגן די עטישע קוואַליפיקאַציע פון דעם דור אין יענער פּעריאָדע, אַז די מענטשן זאָלן נישט נכשל ווערן אין איר, ווי מיר דערלעבן דאָס היינט אין שייכות מיט דער אַטאָמישער קראַפט. מען האָט זיך נישט באַנוגענט מיטן פיזיקאַלישן מאָלעקיל, ביז מען האָט אים ניט צעטיילט אין אַטאָמען, און מען האָט ווייטער צעטיילט דעם אַטאָם און דערגאַנגען די יאָנען און עלקטראָנען. טעאָרעטיש קען דאָס אַזוי אָנגיין ווייטער, אויף אייביקע צייטן, אָן אַ שעור און אָן אַן ערך, פּונקט ווי עס איז טעאָ־רעטיש נישט פאַראַן קיין גרענעץ אין דער אויספאָרשונג פון די געאָלאָגישע פּעריאָדעס, וואו מען אָפּערירט מיט הונדערטער מיליאָן יאָרן. צי איז די עטי־שע קוואַליטעט, וואָס מיט זיך, צו באַגרענעצן אַזאַ אומענדלעכע שטרעבונג, אָדער לכל־הפּחות צו באַשטימען וויפל דערפון דאַרף פאַלן אויף אַ געגעבע־נער פּעריאָדע, באמת אַזאַ פינצטערער כוח?

אויב עס וואָלט היינט געקענט געלינגען אַ רעליגיעזער באַוועגונג צו פאַרהאַמעווען די ווייטערע אַנטוויקלונג פון אַטאָמישער קראַפט, וואָלט זיכער קיינער נישט גערעדט וועגן פינצטערע כוחות. רעליגיע האָט אָבער,ליידער,

היינט נישט די דאָזיקע השפּעה און אין דעם טאַקע, אין דער באַוואוסטער פאַרשוועכונג פון דעם רעגולירנדיקן פּרינציפּ פונעם רעליגיעזן געדאַנק, ליגט די טראַגישע שולד פון דער אייראָפּעאישער מענטשהייט.

פאַרשטייט זיך, אַז כדי אַריינצודרינגען אין די טיפענישן פון אַזאַ שולד, וואָס זי האָט צוגעפירט די וועלט צום ראַנד פון אַ תהום, וואָלט מען באַדאַרפט אַריינדרינגען און זיך פאַרטיפן אין הונדערטער יאָרן פון מענטשלעכער געשיכטע. דאָס וואָלט געמיינט איבערלערנען און איבערשרייבן היסטאָריע אויף אַ טעאָלאָגישען יסוד, וואָס דאָס איז טאַקע געווען די היסטאָרישע מעטאָדע אין אַ צייט, ווען רעליגיע איז נאָך געווען אַ לעבעדיקער, שפּראָצנדיקער כוח. דאָס וואָלט געמיינט אונטערזוכן אַלע געביטן פון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג לויט  ד ע ר  מעטאָדע, אירע רעליגיעזע, קולטורעלע, גייסטיקע, סאָציאַלע און, כמובן, עקאָנאָמישע באַדינגונגען. פאַר דעם פלאַכן מאַטעריאַליסט איז אָבער נאָר עקאָנאָמיק דער איינציקער שליסל אויף צו פאַרשטיין די געשיכטע פון דער וועלט און וואָס דערפאַר האַלט ער זי אין איין איבער'חזר'ן, אַז עס שלאָגט אַזש צום האַרצן...

אַזאַ אונטערזוכונג האָט ניט געקענט אַריינגיין אין דעם ראַם פון אַן אַרטיקל. מיר האָבן דערפאַר, בדרך אגב, נאָר אָנגעצייכנט אַ פּאָר שטריכן, געגעבן אַ רמז פון דער מעטאָדע, פון דעם גייסטיקן פּרינציפּ, אויף וועלכן אַזאַ אונטערזוכונג וואָלט זיך געדאַרפט אויפבויען.

אין דער ערשטער ליניע אָבער האָבן מיר געפּרואווט צו ווייזן, אַז אין דעם אויפקום און אין דעם פּאָפּולאַריזירן פונעם מאַטעריאַליסטישן באַגריף פון קוויזאַליטעט, דאָס הייסט, פון אַבסאָלוטער מענטשלעכער אומפרייהייט פון איין זייט און פון דער אַנדערער זייט, דער דראַנג צו איבערטרייבענער און ניט געהאַמעוועטער פרייהייט אויף אַלע געביטן פון מענטשלעכן לעבן, צוזאַמען מיט דער ירידה פון דעם רעגולירנדיקן פּרינציפּ פון רעליגיע, אַז אָט דורך די דערמאָנטע סבות, האָט די מענטשהייט פאַרלוירן איר ממשלה איבער איר מאַטעריעלן באַזיץ און איר גייסטיקן פאַרמעגן.

היינט זוכט מען פאַרצווייפלט מיטלען צו קאָנטראָלירן און איינצוהאַלטן דעם לויף פון דער קאַטאַסטראָפאַלער אַנטוויקלונג. אָבער, וואו זיי געפינען? וואו זאָל מען געפינען די פּערזענלעכקייט, וואָס זאָל דאָס פאַרמאָגן, דאָרטן וואו מען האָט געלייקנט דעם ווערט פון פּערזענלעכקייט און אים אַנטקעגנגעשטעלט דעם „סאָווערענעם" ווילן פונעם פאָלק, דעם קאָלעקטיוו? וואו זאָל מען געפינען דעם שטאַרקן, דעם אייזערנעם ווילן, מנצח צו זיין די סכנה, דאָרטן וואו מען האָט געלייקנט אין דער עקזיסטענץ פון אַ פרייען ווילן בכלל? וואו געפינט מען דעם מאָראַלישן כוח, בייצוקומען דער צעפלאַשעטער, מאַטעריעלער מאַכט, דאָרטן וואו מען האָט זיך געשפּילט מיט רעלאַטיווירן דעם מאָראַלישן באַגריף, צי גאָר לייקענען אין אים אינגאַנצן, ווייל „מאָראַל" איז

דאָך נאָר אַ פּועל יוצא פון — ווי הייסט עס ? — עקאָנאָמישע באַדינגונגען . . .
און אַז מען האָט פאַרלייקנט גאָט, וואו זאָל מען געפינען דעם הייליקן שם, אָפּצושפּרעכן דערמיט דעם פריי געוואָרענעם, דעם אַנטלאָפענעם גולם, וואָס סטראַשעט אַ וועלט, דעם מאַטעריאַליסטישן וועלט־גולם ? וואו, אויב נישט אין דער ווידערגעבורט פונעם גלויבן, אין דעם ווידעראויפלעבן פונעם רעליגיעזן געדאַנק ?

# די פראזע פון „פראגרעס"

וואָס ווייניקער ס'איז פאַראַן רוחניות אין אַ היסטאָרישער פעריאָדע, אַלץ מער ווערט גערעדט, וואָס ווייניקער תוכן און תכלית, אַלץ מער ווערט גע־טענה'ט און געטענטלט.

פלוצים, פון דער העלער הויט, שווימען אַרויף ווערטער אויפן אויבער־פלאַך, וואָס הגם זיי זענען זייער אומקלאָר, זייער אומבאַשטימט און נעפּלדיק, ווערן זיי פאַרט אָנגענומען ווי אַן ערשטער פּרינציפּ, ווי אַן אונטערשטע שורה, בקיצור, ווי אַ דאָגמע, וואָס דערמיט פאַרענטפערט מען אַלע קשיות, אַלע סתירות און רעטענישן פון דער וועלט.

אַזאַ וואָרט אָבער, וואָס דעקט זיך נאָר אויף זייער אַן אויבערפלעכלעכן אופן מיט זיין אייגנטלעכן באַטייט און וואָס יעדער איינער באַנוצט זיך דער־מיט, ווי מיט אַ קוראַנטער מטבע, אַט אַזאַ וואָרט ווערט אָנגערופן — אַ פראַזע.

פאַרשטייט זיך, אַז פראַזעס זענען באַזונדערס באַליבט ביי יענע האַלב־געבילדעטע, אויפגעקומענע מכלומרשטע אינטעלעקטואַלן, וואָס, מחמת זיי האָבן נישט קיין קלאָרע, דורכגעטראַכטע השערה פון דער וועלט און פאַרמאָגן נישט דעם לאָגישן כוח, אויסצושפּינען אַ מחשבה ביז צו אירע לעצטע קאָנ־סעקווענצן, טשעפּען זיי זיך צו צו יעדער ביליקער פראַזע, ווי איינער, וואָס טרענקט זיך, צום אַ שטרוי...

דערביי זענען די פאַרטרעטער פון פראַזעס געוויינטלעך די גרעסטע פאַ־נאַטיקער. קוים פּרוּווט איר אויפדעקן די פּוסטקייט פון אַזאַ וואָרט, קוים וואַגט איר צו אַנאַליזירן דעם מאמר, ווילט איר אָפּוועגן וויפל קאַראַט גאָלד עס געפינט זיך אין דער מטבע, ווערן זיי תיכף אָנגעצונדן. אַ חסיד, וואָס צע־היצט זיך פאַר זיין רבין, איז אַנטקעגן יענע בלינדע קנאים אַן אמתער סבלן. פריער אַמאָל האָט מען געמיינט, אַז נאָר בעלי־אמונה זענען עס די גרויסע פאַנאַטיקער. היינט זענען מיר, אַז יעדע שיטה, יעדע אידעאָלאָגיע, אַלע פּוסטע עבודה־זרה'לעך פאַרמאָגן זייערע קנאים. און פּונקט ווי מען איז אַמאָל געווען גרייט, זיך מקריב צו זיין און צו שטאַרבן על קידוש־השם, אַזוי איז מען היינט גרייט צו קעמפן און זיך מקריב צו זיין, זיך צו שלאָגן און צו שטאַרבן על קידוש־הפראַזע...

פּסיכאָלאָגיש איז דאָס אַפילו נישט שווער צו פאַרשטיין. אַ מענטש מוז האָבן אַן אָנהאַלט, אַ גלויבן, אַ געדאַנק, אַ גייסטיקע אַקס, אַרום וועלכער ער זאָל זיך קענען באַוועגן. וואָס שוואַכער דער גלויבן, וואָס אָרעמער די אידייע, וואָס נעפּלדיקער דער געדאַנק, אַלץ שטאַרקער, אַלץ ליידנשאַפטלעכער, אַלץ

פאַנאַטישער וועט מען זיך אָנהאַלטן דערביי, ווייל אויב נישט, פאַרלירט מען דאָך דאָס לעצטע ביסל אָרעמקייט אויך נאָך... אַזויווי מיר לעבן אָבער אין אַ צייט פון רעלאַטיווירן, אַזויוי דער גלויבן אין פונדאַמענטאַלע פּרינציפּן איז היינטצוטאָג זייער פאַרשוועכט געוואָרן און איינער פון די הויפּט־פּרינציפּן איז, אַז ס׳איז בכלל נישט פאַראַנען קיין הויפּט-פּרינציפּ, אַזויוי מיר דרייען זיך אַרום ווי אין אַ גייסטיקן נעפּל, פּרוכפּערן און מערן זיך נעפּלדיקע ווערטער און די פּראַזע באַהערשט די גאַס...

מען וואָלט געקענט צונויפשטעלן אַ היפּשע רשימה פון אַזעלכע מיגי ווערטער און ווערטלעך; איינס פון די כאַראַקטעריסטישע, פון די אינטערעסאַנטעסטע און פּאַראַדאָקסאַלסטע איז אָבער זיכער — די פּראַזע פון פּראָגרעס.

קודם כל דערפאַר, ווייל זי איז זייער פּאָפּולער. ווייל קוים זענט איר נישט מסכים מיט דער אידעאָלאָגיע פון אייער שוסטער, וועט איר טאַקע באַלד אַריינכאַפּן פון אים אַ פּסק און ער וועט אייך לאָזן וויסן, מיט זיין טשעקאַווע, שוסטערשן שמייכעלע, אָט אַזוי, צווישן האַמער און צוואַק, אַז — איר זענט נישט פּראָגרעסיוו.

צווייטנס, ווייל דער פאַרנעם פון דעם באַגריף איז, לכל הפּחות אין די אויגן פון „פּראָגרעסיסטן", גאָר אַ ברייטער. די גאַנצע וועלט טיילט זיך, מכלומרשט, אין אין צוויי גרויסע מחנות. אויף איין זייט שטייען די ליכטיקע, מאָדערנע, פאָרטשריטלעכע, פּראָגרעסיווע און אויף דער אַנדערער זייט די פינצטערע, אַלטמאָדישע, רעאַקציאָנערע און קאָנסערוואַטיווע.

דריטנס, ווייל ס׳איז דאָך באמת דער גרעסטער פּאַראַדאָקס, אַז אין אַ צייט, וואָס לייקנט בכלל אין אייביקע, אַבסאָלוטע אמת׳ן, אין אַ צייט, וואָס דאָס לעצטע וואָרט פון דער נייער נאַטורוויסנשאַפט איז דווקא דער אַלטער סאָקראַטישער סאָפיזם, אַז דאָס איינציקע וואָס מיר ווייסן איז, אַז מיר ווייסן נישט, אַז אין אַזאַ צייט זאָל אַ באַגריף, אַ וואָרט, אַ פּראַזע באַקומען דעם כוח פון אַן אַקסיאָם, פון אמונה, וואָס דאַרף נישט ווערן באַוויזן, נאָר וואָס פאַרשטייט זיך, פון זיך אַליין.

איידער מיר באַרירן די פראַגע פון דעם פילאָזאָפישן, צי נאַטורוויסנשאַפטלעכן באַטייט פונעם באַגריף פון פּראָגרעס — ווייל די טעאָריע פון דאַרווין, וואָס אגב אורחא איז ער אַליין געווען אַ גלויביקער מענטש, האָט געהאַט אַ געוויסע השפּעה אויף דער אַנטוויקלונג פון דער מאָדערנער אויפפאַסונג פון פּראָגרעס — לאָמיר אָקאָרשט אַנאַליזירן אויף אַ פּאָפּולערן אופן און מיטן פשוטן שכל־הישר, וואָס הייסט אַזוינס פּראָגרעס.

פּראָגרעס איז אַ וואָרט, וואָס נעמט זיך פון לאַטיין און הייסט אות באות — פאָרגיין, אַוואַנסירן, אויפשטייגן, עולה זיין. כמובן קען דאָס נישט הייסן פאָרגיין אָן אַ שום ריכטונג, אָן אַ ציל, הגם דאָס וואָלט דווקא געקענט זיין די דעפיניציע פון דעם, וואָס רופט זיך מאָדערנער פּראָגרעס, ווי עס וועט זיך

באַלד ווייזן. בכל אופן פאַרשטייען מיר אונטער דעם וואָרט פאָרגיין, גיין צון אַ באַשטימטן פּלאַץ, צו אַ ציל, אַ צוועק, אַ תכלית, וואָס מען האַלט אים פאַר ריכטיק און פאַר וויכטיק. פּראָגרעסירן הייסט נישט פראָסט עולה זיין, נאָר דווקא עולה יפה זיין, גיין אַהין, וואו מען וויל אָנקומען. אַז איך וויל אָנקומען אין לעמבעריק און „גיי פאָר״ — אין דער אַנטקעגנדיקער ריכטונג — קיין קראָקע, בין איך נישט געגאַנגען פאָרווערטס, נאָר צוריק. אָבער אַז איך לעב אין קראָקע און וויל מיך אומקערן, פון לעמבעריק, צוריק אַהיים, צוריק צו דעם מקום, וואו איך וואוין, איז דער ו ו ע ג צ ו ר י ק מיין ציל, מיין תכלית, מיין אמתער פּראָגרעס, בין איך אַ קראָקעווער פּראָגרעסיסט.

איך האָף, מיינע חשובע לייענער וועלן דאָס משל נישט האַלטן פאַר אַ פּוסטן פּלפּול, צי פאַר אַ וואָלוולען וויץ. עס איז לאָגיש דורכאויס אויסגעהאַלטן. עס באַווייזט, אַז אַלצדינג איז תלוי אינעם תכלית, אַז מען קען און טאָר נאָר ריידן פון פּראָגרעס, אויב מען ווייסט גאַנץ גענוי, צו וואָס מען שטרעבט, וואָס פאַר אַן אידייע מען גייט נאָך, וואוהין מען וויל פאָרן... עס באַווייזט, אַז ס׳איז בכלל נישט פאַראַן קיין אַבסאָלוטער פּראָגרעס, אַז פּראָגרעס איז דווקא דער רעלאַטיווסטער פון אַלע באַגריפן, ווייל ער מוז זיך שטענדיק באַציען צו אַן אידעאָלאָגיע, צו אַ באַשטימטער שיטה, צו אַן אויסגעאַרבעטער השערה פון דער וועלט און פון דעם מענטש און פון זייער לעצטן תכלית.

אויב מען איז מיט מיר מסכים, אַז דאָס איז דער תנאי, וועט מען מיט מיר אויך מסכים זיין, אַז יעדער איינער האָט דאָס רעכט, זיך צו האַלטן פאַר אַ „פּראָגרעסיוון״ מענטש; אַז יעדע רעליגיעזע, פּאָליטישע, צי פילאָזאָפישע שיטה מעג און מוז אפילו באַהויפּטן, אַז זי איז פּראָגרעסיוו, אַז זי איז דער אַוואַנגאַרד פון פּראָגרעס, ווייל זי איז דאָך באַשאַפן געוואָרן צוליב דעם, וואָס אירע אָנהענגער האַלטן זי פאַר דעם ווירדיקן אויסדרוק פון אַ ריכטיקער טענדענץ.

פון דעם שטאַנדפּונקט קען, למשל, דער אינטערנאַציאָנאַליסט באַהויפּטן, אַז אַלע נאַציאָנאַליסטישע שיטות זענען נישט פּראָגרעסיוו. דער פּאַציפיסט מעג זאָגן, אַז אַלע מיליטאַריסטישע שטאַטן (און דאָס הייסט, היינטצוטאָג, אַלע שטאַטן פון דער וועלט) זענען רעאַקציאָנער. נאָך דער פאָריקער מלחמה (1918-1914) איז איינס פון די פאַרשפּיצטע שלאָגווערטער פון סאָציאַליזם טאַקע געווען, אַז — „קיינמאָל מער נישט קיין מלחמה״... אָבער דער היינטיקער רוסישער קאָמוניסט וועט אים באַלד אָפּענטפערן, אַז דווקא צוליב איר מיליטערישער מאַכט איז רוסלאַנד פּראָגרעסיוו; ווייל כדי צו באַשיצן דעם מאָדערנעם פּראָגרעס פון דער מענטשהייט, מוז מען האָבן מאָדערנע מאַשינביקסן מיט פּראָגרעסיווע זעלנער.

עס ווענדט זיך, הייסט עס, נאָר אין דעם, אויף וועלכער זייט געפינט זיך דער אמתדיקער פּראָגרעס... דווקא אין דעם קליינעם פּרט אָבער זענען זיך די

מענטשן לעת־עתה נאָך נישט איניק. און אַזוי לאַנג זיי זענען זיך נישט איניק, בלייבט דער גאַנצער פּראָגרעס — אַ הוילע נוס, אַן אויסגעבלאָזן איי, אַ וואָרט, אָן אַ טעם און אָן אַ ראַם, בקיצור, אַן אויסגעוואַקסענע פּראַזע...

פונדעסטוועגן און נישט קוקנדיק אויף די סתירות, וואָס מוזן אַרויסקומען דורך די פאַרשידענע אויסטייטשונגען פון דעם אומגליקלעכן באַגריף, האָט זיך אַנטוויקלט במשך פונעם אַכצנטן יאָרהונדערט אַ מין פילאָזאָפיע פון פּראָ־גרעס, וואָס האָט זיך געשטיצט אויף דער אַנטוויקלונג פון דער וויסנשאַפט, בפרט אויף די געביטן פון ביאָלאָגיע, פילאָלאָגיע, פּסיכאָלאָגיע און פּסיכיאַטריע. איר טעזע איז געווען, אַז דער פאָרטשריט פון וויסנשאַפט איז אידענטיש מיט דעם פאָרטשריט פון דער מענטשהייט. מיר קענען דאָ ניט אַריינגיין טיפער אין דעם טעות פון דער טעזע. עס איז גענוג צו דערמאָנען אָן דער ראָלע וואָס די וויסנשאַפט שפּילט אין אונדזער צייט. היינט ווייסן מיר, אַז מיט דער וויסנשאַפט קען מען צעשטערן די מענטשלעכע ציוויליזאַציע. היינט ווייסט אַ חדר־ייִנגל, אַז אויב עס זאָל קומען צום אַטאָמישן קריג, קען דאָס הייסן דער סוף פון דער מענטשלעכער קולטור. היינט ווייסן מיר, אַז וויסנשאַפט און פּי־לאָזאָפיע און פּראָגרעס זענען נישט קיין זעלבשטענדיקע ברואים, נאָר אַז זיי זענען לעולם תלוי אינעם מענטש, דעם עטישן מענטש, וואָס קען זיי באַנוצן צום גוטן אָדער צום בייזן, כמובן, לויט דער השערה, וואָס ער האָט פון טוב ורע, אָדער ווי מיר האָבן שוין פריער דערמאָנט, תלוי אינעם מענטש, וואָס ווייסט, וואוהין ער פאָרט... דערמיט זענען מיר אָבער ווידער דאָרט, וואו מיר האָבן אָנגעהויבן, דהיינו, אַז מען טאָר אַפילו נישט טראַכטן וועגן פּראָגרעס, איידער מען איז נישט מסכים מיט דער השערה פון דעם מענטשנס תכלית, איידער מען האָט נישט דערגאַנגען צון אַן אַלגעמיינעם מאָראַלישן סטאַנדאַרד. בכל אופן האָט דער אַכצנטער יאָרהונדערט נאָך צוגעגעבן, אַז דער מענטש האָט אַ שטיקל חלק ביי דעם גאַנצן מסחר פון זיין אַנטוויקלונג און פון דער אַנטוויקלונג פון דער וועלט.

דער ניינצנטער יאָרהונדערט האָט אַרויפגעבראַכט אַ גאָר נייע המצאה. ער האָט פּראָקלאַמירט דעם אַזוי גערופענעם מעכאַנישן פּרינציפּ פון אַנטוויק־לונג. לויט דעם איז פּראָגרעס דער סך־הכל פון כוחות, וואָס זענען דווקא ניט אָפּהענגיק פון דער מענטשהייט. די וועלט־געשיכטע אַוואַנסירט לויט דעם פּרינציפּ פון אורזאַך און ווירקונג, איבער וועלכע דער מענטש האָט לחלוטין קיין שליטה נישט. דורך אָט די כוחות, דורך אָט די „אייזערנע נאַטור־געזעצן", וואָס די עקאָנאָמישע געזעצן זענען אַ טייל פון זיי, וועט ממילא דערגרייכט ווערן דער מצב פון אַלגעמיינעם גליק, וועלן קומען משיח׳ס צייטן...

מען דאַרף נישט זיין קיין גרויסער פילאָזאָף, כדי צו דערקענען, אַז אַזאַ השקפה איז נישט געבויט, נישט אויף פילאָזאָפיע און נישט אויף וויסנשאַפט. דאָס איז פּשוט בטחון, דאָס איז „ריינע" אמונה, אָבער אויף אַזוי ווייט ריין,

אויף אַזוי ווייט אויסגעליטערט, אַז ס'איז דערפון געוואָרן גלויבן אין — גאָר־נישט. ס'איז ווי אַ לאָקשן־קוגל אָן לאָקשן... ווייל ווער האָט זיי מגלה געווען דעם אחרית־דבר? ווער האָט זיי געגעבן די טייערע הבטחה? וואו איז די גאַ־ראַנטי, אַז די בלינדע „נאַטור־געזעצן" וועלן אונדז דווקא צופירן צו אַ מצב פון גליק, אַז זיי וועלן אונדז באַשערן דעם לויתן מיטן שור־הבר און נישט אפשר, חלילה, אַ קאָסמישע קאַטאַסטראָפע, וואָס זאָל צעשטערן אַ פּאָר מי־ליאָן שטערן און זונען און לבנות, וואָס די וויסנשאַפט האַלט דאָס פאַר גאַנץ גוט מעגלעך...

אָט די אידייע פון פּראָגרעס האָט נישט דעם גרינגסטן יסוד. ס'איז פשוט די פלאַכע השגה, אַז דאָס, וואָס איז היינט איז ממילא בעסער פון דעם, וואָס איז געווען נעכטן; און דאָס, וואָס וועט זיין מאָרגן איז ממילא בעסער פון דעם, וואָס איז היינט, נאָר דערפאַר, ווייל — ס'איז מאָרגן...

דאָס הייסט, נישט וויסן, צי פאָר'ט מען קיין לעמבעריק, צי פאָרט מען קיין קראָקע, נאָר האָבן בטחון, אַז מען וועט אָנקומען קיין פּינטשעוו...

ווייזט אויס, ס'איז אַזוי, ווי פּרץ האָט אַמאָל באַמערקט. אַלצדינג איז אמונה... און אונדזער פּראָגרעסיסט איז אויך אַ בעל־מאמין. אַ והא ראיה: ער גלויבט אין משיחן, נאָר זיין משיח הייסט — מאָרגן...

אָט, פון דער אפיקורסישער אמונה אָדער גלויביקער כפירה נעמט זיך די נאַרישע גאווה פון די פּראָגרעסיווע שוסטערס, לגבי אַלץ, וואָס איז פאַרגעקו־מען נעכטן. דאָס איז די פּסיכאָלאָגישע סבה פון זייער שנאה קעגן טראַדיציע, קעגן הייליקע מנהגים, קעגן אַלץ, וואָס בינט אונדז צו צום יידישן שורש. דאָס איז די סבה פון זייער נאָכטאַנצעניש נאָך יעדער מאָדערנער דערשיינונג, פון זייער פאַלן כורעים פאַר יעדן שלאָגוואָרט, ווי פּוסט און נאַריש און שעד־לעך עס זאָל נישט זיין.

ווייל וואָס אייגנטלעך טראַכט זיך אַזאַ נפש, אויב ער וואַרפט אייך פאָר, אַז איר זענט נישט פּראָגרעסיוו? וואָס גייט פאָר אין דעם מוח פון אַזאַ שוס־טער, וואָס זיצנדיק אויף זיין נידריקן פוסבענקל, רעדט ער זיך איין, אַז ער שטייט אויפן שפּיץ פון דער מענטשהייט?

די קשיא איז לחלוטין נישט קיין לייכטע און מיר פּרואוון זיך אַפילו נישט, זי צו פאַרענטפערן אויפן אָרט. ווייל קודם־כל וואָלט מען דאָך געדאַרפט וויסן, וועגן וואָספאַראַ שוסטער עס האַנדלט זיך. האַנדלט זיך עס וועגן אַ שוסטער אַ סאָציאַליסט, צי אַ קאָמוניסט? אַ נאַציאָנאַליסט, צי אַן אַנאַרכיסט? צי גאָר וועגן אַ שוסטער, וואָס לייגט נאָך תפילין?

אַ י י ן זאַך איז אָבער זיכער. וואָס איין שוסטער זאָל נישט האַלטן פונעם אַנדערן, זענען אַלע צוזאַמען אָן שום ספק מסכים, אַז דער שוסטער מיטן תפילין־זעקל איז נישט פּראָגרעסיוו. פאַרוואָס? ווייל היינט לעגן, בעוה"ר, אַ סך יידן קיין תפילין נישט. און היינט איז בילכער פון נעכטן.

איי די פּראָגרעסיווע רוסלאַנד האָט  ה י י נ ט  אויפגעמאַכט די צערק־וועס, וואָס זי האָט  נ ע כ ט ן  פאַרשלאָסן און — לויט דעם, וואָס מען הערט — זענען די צערקווס אָנגעפּילט מיט גלויביקע פּראָגרעסיסטן; איי מען האָט  נ ע כ ט ן  געקענט זיין אַן עושר און  ה י י נ ט  האָט מען פּראָ־גרעסירט און איז געוואָרן אַן אָרעמאַן; איי מען קען גיין אַ הונדערט שריט צוריק און געפינען אַן אוצר און מיט איין שריט פאַר אַריינפאַלן אין אַ גרוב און דאָרט באַגראָבן ווערן אויף דעם שענסטן, פּראָגרעסיוון אופן; איי דער רעליגיעזער מענטש איז זיכער באַרעכטיקט צו זאָגן און ער זאָגט עס טאַקע, אַז אַלץ, וואָס האַלט אויף די אַנטוויקלונג פון דעם רעליגיעזן געדאַנק איז נישט פּראָגרעסיוו און ער איז דער אמתער, דער איינציקער פּראָגרעסיסט — אויף אַזוי ווייט טראַכט דער שוסטער נישט.

און דאָס איז טאַקע די מכה בצדו.

ווייל אויף אַ פּאַראַדאָקסאַלן אופן איז פּראָגרעס, פון אַ ריין היסטאָרישן אַספּעקט, כמעט שטענדיק געווען אַ צוריקגיין צו פריערדיקע מקורים און מנהגים, צו אַמאָליקע שיטות און שטרעבונגען.

די גריכן, אין דער אַנטיקער צייט, האָבן געהאַט דאָס אידעאַל פון דער „גילדענער תקופה". דאָס איז געווען זייער טראַדיציאָנעלע השערה פון אַן אַמאָליקער, גליקלעכער פּעריאָדע פון זייער געשיכטע, צו וועלכער זיי האָבן געשטרעבט, זיך אומצוקערן צוריק. לויט דער השקפה, שפּילט זיך אָפּ די גאַנצע וועלט־געשיכטע אין ציקלען, דאָס הייסט, זי קערט שטענדיק צוריק צו אַ פּונקט, וואו זי איז שוין פריער אַמאָל געווען. אין דעם זין האָבן זיי בכלל נישט געקענט קיין שינויים און קיין פאָרטשריט. מען קומט צוריק, פון וואַנען מען איז אַרויסגעגאַנגען. דער „פּראָגרעס" האָט נאָר באַשטאַנען אין דעם, וואָס די מאָראַלישע קוואַליטעט פון דער מענטשהייט האָט זיך פאַר־שטאַרקט. ס'איז כמעט ווי: „מקום שבעל־תשובה עומד..."

די רענעסאַנס איז געווען אַ בפירוש'ער אומקער צו אַלט־היידנישע קול־טורן און ליטעראַטורן. מען האָט געפונען אַלט־גריכישע און אַלט־רוימישע מאַנוסקריפּטן, מען האָט אויסגעגראָבן סקולפּטורן און קונסטווערק פון יע־נער צייט און — דער פּראָגרעסיווער דיכטער פון דער רענעסאַנס האָט אָנ־געהויבן שרייבן אין גריכישע העקסאַמעטערס, דער פּראָגרעסיווער קינסט־לער צו שאַפן לויט גריכישע קונסט־אידעאַלן.

די רעפאָרמאַציע פון לוטער האָט פאַרוואָרפן די גאַנצע קירכלעכע אַנט־וויקלונג ביז צו זיין צייט און איז צוריקגעגאַנגען צו דער אויטאָריטעט פון חומש.

און — כדי צו פאַרענדיקן אַ מעשה אָן אַן עק — די מאָדערנסטע דזשאַז־מוזיק גייט צוריק צו דער פּרימיטיווער מוזיק פון נעגערס.

דער פּראָגרעס פון צוואַנציקסטן יאָרהונדערט אָבער גייט אַזש צוריק צום תהו ובהו פון פאַר בריאת העולם...

איז, אפשר וואָלט כדאי געווען, מיר יידן זאָלן זיך אויך מישב זיין און זיך אומקערן צוריק צו אונדזערע יידישע מקורים, צו אונדזערע אייביקע אוצרות? אפשר וואָלטן מיר פון דער באַרירונג, פון דער פאַרבינדונג מיט אונדזערע אַלטע קוואַלן געקענט ציען נייע כוחות? אפשר וואָלט דער אויס־געבלוטיקטער, אויסגעקוואַרעטער יידישער פאָלקסקערפּער זיך ווידער אָנגע־פילט מיט בלוט און לעבן? אפשר וואָלט זיך די דערשלאָגענע, אויסגענאָג־טע יידישע פאָלקס־נשמה ווידער באַלעבט, ווידער אויפגערעכט און אָנגע־הויבן אויפסניי צו בליען און צו שפּראָצן? אפשר דאַרפן מיר לעת־עתה נאָר גיין א י ן שריט צוריק, כדי צו האָבן אַן עליה לעתיד לבוא?

# נבואה און סאציאליזם

חילוקי־דעות זענען אַ נאַטירלעכע זאַך.

עס איז דורכאויס נאַטירלעך, אַז פאַרשידענע מענטשן זאָלן האָבן פאַר־שידענע מיינונגען, אַז איין תלמיד־חכם זאָל קריגן אויפן צווייטן און אַז יעדער דענקער זאָל זיך האָבן זיין דעה.

דערביי פאַרשטייט זיך, אַז מ׳קען נאָר אין אַזאַ פאַל שמועסן, וועגן חילוקי־דעות, אויב די מענטשן, הגם זיי זענען מחולק אין זייערע מיינונגען, זענען זיי אָבער מסכים אין זייערע הויפּט־פּרינציפּן. ווייל כדי בכלל צו קענען אַרגו־מענטירן, מוזן ביידע צדדים זיין אייניק אינעם עיקר, מוזן זי זיך באַוועגן אינעם גלייכן גבול, שטיין אויף דער גלייכער פּלאַטפאָרמע. זייער פּלפּול מוז אַרויס־וואַקסן און זיך אַנטוויקלען פון דעם גלייכן טעאָרעטישן תנאי. זייער חילוק מוז בלייבן אַ חלק פון דער זעלבער באַזע, ער מוז פאַרבלייבן אינעם תחום פון דעם גלייכן פונדאַמענטאַלן מאָטיוו. אַנדערש איז דער פּלפּול גאָר קיין פּלפּול נישט, פאַלט ער אינגאַנצן אַראָפּ פון דער פּלאַטפאָרמע און פאַרוואַנדלט זיך אין אַ פוסטער חקירה אָדער — אין אַן ערנסטערער, אַן ערלעכערער תקופה — אין אַ קאַמף פון פּרינציפּן.

אין אַ קאַמף פון פּרינציפּן אָבער האַנדלט זיך עס נישט מער וועגן אַ דעה, נאָר וועגן אַ דאָגמע, נישט וועגן אַ פּשוט׳ער סברא, נאָר וועגן דעם פּרי־מאַט פון אַ שיטה, נישט וועגן אַ מיינונג, נאָר וועגן אַ מוז.

אין אַזאַ פאַל שטייען זיך די שיטות אַקעגנאיבער, ווי פייגטלעכע חילות, קומט עס צו אַ צוזאַמענשטויס פון די צדדים, וואָס דערביי קעמפט מען נישט מער מיט ווערטער און דערצו נוצן נישט קיינע ויכוחים. דעמאָלט איז דער היסטאָרישער מאָמענט, ווען פון דער קריזע ווערט אַ קאַטאַסטראָפע, ווען פון די צדדים ווערן מעכטיקע מחנות, גרייטע צו פירן מלחמה פאַר דעם, וואָס יעדע פון זיי האַלט פאַר די חשוב׳סטע, די הייליקסטע אינטערעסן פון דער מענטשהייט.

* * *

אַט אַזוי האָט זיך געפירט און פירט זיך די געשיכטע פון דער מענטשהייט נאָך מקדמונים אָן, דאָס איז דער שעמאַטיזם, לויט וועלכען מען פּרוּאווט זיך צו פּסק׳ענען די שווערע שאלות, צו פאַרענטפערן און צו אַנטשיידן יענע איי־ביקע פראַגען, וואָס מוטשען און מאַטערן דעם מענטשלעכן גייסט.

כמובן קען אַזאַ מעטאָדע נאָר אָנגיין אין אַ צייט, ווען די פאַרשידענע

ביתות זענען קלאָר אינעם גאַנצן קאָמפּלעקס פון זייערע אידעאָלאָגיעס און גרייט צו פאַרטיידיקן דאָס שלמות פון זייערע שיטות און די גאַנצקייט פון זייערע איבערצייגונגען.

אין אונדזער פּאַראַדאָקסאַלער פּעריאָדע איז אָבער געבוירן געוואָרן אַ גאָר נייע, אַ טרויעריקע דערשיינונג, וואָס זי אַנטפּלעקט, אויף אַ מבוזה׳דיקן אופן, די ירידה פונעם צייטגייסט, די פאַרשוועכונג פון מענטשלעכער געטריי־שאַפט צו אידעאַלע פּרינציפּן און דערמיט — די דערנידריקונג פון דעם מענטשנס גייסטיקער ווערדע און פון זיין מאָראַלישן כאַראַקטער.

שיטות, וואָס האָבן גאָר אַ קנאַפּ שייכות איינע מיט דער צווייטער, נאָר וואָס, פאַרקערט, זיי זענען זיך לגמרי סותר, הן אין זייערע מקורים, הן אין זייערע מעטאָדעס, האָבן זיך פּלוצים געגעבן אַ דריי איבער אין אַ פולן צירקל און באַוויזן אַ קונץ, וואָס קען נאָר ווערן באַצייכנט, ווי אַ מייסטערשטיק פון גייסטיקן אַקראָבאַטיזם.

במקום זיך ערלעך אויסצו׳טענה׳ן, במקום מוטיק און אָפן אַנטקעגנצו־שטעלן די פיינטלעכע פּרינציפּן, און אַזוי אַרום אויסצוקעמפן, אין אַ פרייען קאַמף, די לעצטע אמת׳ן און צו דערגרייכן אַ זיבערע אַנטשיידונג, האָבן זיי זיך פּלוצים מישב געווען און — זוכן גאָר סמיכה, איינע ביי דער אַנדערער. זיי סטאַרען זיך, צו באַקומען הסכמות, זיי פאַרבינדן און פאַרמישן זיך אין אַן אומנאַטירלעכן פאַרמישעכץ, אַ משוגה׳דיקן שתוף, וואָס אונדזערע חכמים האָבן אים שוין לאַנג באַצייכנט פאַר פונקט אַזוי מיאוס, ווי עבודה־זרה אַליין.

אויב מען באַגעגנט זיך מיט דער דאָזיקער מאָדע אויפן פּאַרטיי־פּאָלי־טישן פעלד, איז דאָס — הגם נישט ווייניק שפּל׳דיק — פאָרט נאָך צו פאַר־שטיין און אפשר אַפילו צו פאַרענטפערן מיט מענטשלעכער שוואַכקייט, וואָס פאַרגעסט זיך בשעת־הדחק.

וויבאַלד אָבער די מאָדע גרייכט ווייטער, וויבאַלד זי גנב׳עט זיך אַריין אין געביט פון פּרינציפּ און רירט אָן דעם פונדאַמענט, וואָס אויף אים דערהויבט זיך דער שטאָלצער בנין פון אַ גלויבן, צי אַפילו נאָר די שיינע פאַלשקייט פון אַ פילאָזאָפישער פאַטאַ־מאָרגאַנאַ — דאַן טאָר מען נישט מער מוחל זיין און פאַרשווייגן ווערט אַן עוולה. דאַן שטייט מען פאַר דעם טרויעריקן סימן פון אַ געפערלעכער, גייסטיקער קרענק, פאַר דעם מסוכנ׳עם סימפּטאָם פון אַ ספּי־ריטואַלער דעגענעראַציע, וואָס האָט זיך אַריינגעריסן אין כאַמע מיטלפּונקט פון דער מחשבה און סטראַשעט, פון דאָרט אויס, צו פאַרפּאַלשעווען און צו פאַרשוועכן דעם טייערסטן באַזיץ פון דער מענטשלעכער פּערזענלעכקייט: איר השערה *פון* און איר גלויבן *אין* ערשטע פּרינציפּן.

אָט פון דאַנען נעמט זיך עס דער קעגנוואַרטיקער בלבול־הדעות, וואָס פירט אונדז אַריין אַלץ טיפער אין דער ווייכער בלאָטע פון האַלב־אויסגעבאַ־קענע באַגריפן, אין דעם מיאוסן זומפּ פון אומזיכערע, אומקלאָרע, נישט

ביז צו זייער לעצטער קאָנסעקווענץ דורכגעטראַכטע געדאַנקען. אַזאַ מצב איז אָבער העכסט געפערלעך, ווייל ער מוז, סוף כל סוף, צופירן ביז צום פאַר־זינקען אין אָט דעם זומפּ, ביז צו דער אויסמעקונג, צום פאַרשווינדן פון אַלע פונדאַמענטאַלע מושגים. דאָס אָבער וואָלט געהייסן, נישט מער און נישט ווייניקער, ווי די אויסמעקונג פון דער מענטשלעכער פערזענלעכקייט, די דערשטיקונג און דעם טויט פון דער מענטשלעכער נשמה.

ווייל די נשמה לעבט מיט אירע השערות און אָטעמט מיט איר גלויבן.

* * *

מען וואָלט געקענט אָנווייזן אויף אַ גאַנצער שורה פון אַזוינע מיני שותפות אין אונדזער צייט, פון דעם סאָרט גייסטיקע זיווגים, וואָס זיי זענען אָבער לחלוטין נישט קיין זיווגים מן השמים.

אויב מיר באַשעפטיקן זיך אין די דאָזיקע שורות מיט דעם מאָדערנעם שתוף פון „נבואה און סאָציאַליזם", איז דאָס קודם־כל דערפאַר, ווייל מיר האַלטן דאָס פאַראַדאָקסע פּאָרל פאַר איינעם פון די זייטיקסטע זיווגים אונ־טער אַלע.

צווייטנס, ווייל ד ע ר שתוף איז זייער שטאַרק פאַרשפּרייט און דער פּאַראַדאָקס זייער אַ פּאָפּולערער. צו הערן משה רבינו אין איין אָטעם דער־מאָנט מיט, להבדיל, מאַרקס'ן, איז היינטצוטאָג דורכאויס נישט קיין זעלטע־נע זאַך. פאַרקערט, דאָס איז גאָר היינט די גרויסע מאָדע, אַ מאָדע, וואָס האָט זיך אַריינגעכאַפּט ביי אונדז יידן'העט ווייט, אַזש ביז אין אָרטאָדאָקסישע קרייזן אַריין.

צום סוף אָבער, ווייל דער פּאַראַדאָקס איז אַזאַ הונדערט־פּראָצענטיקער, דער דריי אַזאַ דייטלעכער, אַז ער דעקט זיך כמעט אינגאַנצן מיטן אמת, דאָס מיינט, פאַרדעקט כמעט דעם גאַנצן אמת און באַצייט זיך, בדרך כלל, אויך אויף אַלע איבעריקע אומנאַטירלעכע זיווגים, וואָס האָבן זיך באַוויזן אין אונדזער פּראָבלעמאַטישן יאָרהונדערט.

אָנטפּלעקנדיק ד ע ם פּאַראַדאָקס, אויפדעקנדיק ד ע ם דריי, וועלן מיר האָבן, אין איין וועגס, אויפגעדעקט דעם מקור פון דער גאַנצער סדרה ניי־מאָדישע שידוכים.

* * *

אגב־אורחא איז אפשר דאָ דער פּלאַץ צו דערמאָנען, אַז בפרט צו דער נביאישער משפּחה שטופּט מען זיך עפּעס גאָר שטאַרק, נישט נאָר מצד די סאָציאַליסטישע מחותנים, נאָר טאַקע דווקא פון אַלע זייטן.

דער יחוס זייערער איז, ווייזט אויס, נאָך אַלץ אַ גאָר געהויבענער און ווער עס וויל נישט זוכט און געפינט ביי זיי אַ מכלומפּרשטע הסכמה פאַרן אייגענעם יחוס, אַ ראיה פאַר זיין ספּעציעלער שיטה, פאַר זיין אייגן, עקסטרע עבודה־זרה'לע.

קודם־כל קומט דער פּאַציפיסטישער יחסן און באַרופט זיך אויף די אײַ־בערגעשמידטע שפּיזן. ענטפערט אים דער מיליטאַריסטישער יחסן מיט דער אַרויסגעצויגענער שווערד. קומט דער רעפּובליקאַנער מיט ציטאַטן וועגן דעם דרוק פון אומגערעכטע מלוכות. האַקט אים איבער דער מאָנאַרכיסט מיט דער אייביקייט פון מלכות בית־דוד. קומט צו גיין דער העיר רעפאָרם־ראַבי־נער און באַווייזט אייך בפירוש, אַקוראַט, מיט די רוימישע צאָלן פון די קאַ־פּיטלעך און מיט די אַראַבישע ציפערן פון די פּרקים, אַז ס'איז גאָרנישט אַזאַ מציאה צו דאַווענען ראש־חודש און ימים טובים. וואַקסט אויס דער וועגעטאַ־רישער גראַז־פרעסער מיט זיין טענה, אַז כביכול אַליין האַלט נישט איבעריק, נישט פון אָקסנפלייש, נישט פון קעלבערנס. און צום סוף קומט דער משומד, קומט אָנגערוקט דער יידישער מיסיאָנאַר און ברענגט אייך צו טאַשטשען זיין רעכטן משיח.

די נאָנטסטע פּאַניבראַציע בלייבן אָבער פאַרט די סאָציאַליסטן. מיט די אַנדערע מחותנים וואָלט מען זיך אפשר נאָך געקענט געבן אַן עצה; אָבער וואָס קען מען ענטפערן אויפן סאָציאַליסטישן תירוץ, דהיינו, אַז די נביאים האָבן שטאַרק געהאַלטן פון יושר און גערעכטיקייט, אַז זיי האָבן גע'דרש'נט לטובת די אָרעמע און אונטערדריקטע, אַז זיי האָבן גע'רודפ'ט די רייכע, די יידישע „בורזשויעס" פון פאַר דרייטויזנט יאָר, וכדומה, וכדומה. הכלל, עס איז ברור כשמש, אַז זיי זענען זיך גאָר נאָנטע קרובים, אייניקלעך פון דער גלייכער, פיינער משפחה; אַז די נביאים זענען, להבדיל, די סאָציאַליסטן פון אַמאָל און דער סאָציאַליזם פון היינט איז נישט מער, ווי נבואה „מיט אַ מאָ־דערנער טערמינאָלאָגיע".

* * *

אפשר וואָלט טאַקע נאָר אַ שאַרפע, אַ שטעכנדיקע סאַטירע געווען אין שטאַנד, צו שילדערן דעם שרייענדיקן קאָנטראַסט צווישן דעם, וואָס די נביאים זענען און צווישן דער קאַשע, וואָס מען האָט מיט זיי פאַרקאָכט.

אָבער אויך אין אַזאַ פאַל, וואָלט נאָך אַלץ געבליבן אָפן די פראַגע, ווי אַרום עס האָט געקענט קומען צו אַזאַ עירבוב המושגים, צו אַזאַ פאַרמישונג פון גרונט־באַגריפן און — וואָס איז דער צוועק דערפון?

וויאַרום און פאַרוואָס האָט מען געפּרואווט משווה זיין אַ באַוועגונג, וואָס איר מקור איז מאַטעריאַליסטישע פילאָזאָפיע, מיט אַ באַוועגונג, וואָס ווערט באַצייכנט אַלס דאָס שענסטע בליעכץ, דער טייערסטער שפּראָץ אינעם גאָרטן פונעם יידישן גלויבן?

וויאַרום און פאַרוואָס האָט מען געפּרואווט צונויפשפּאַנען די רעליגיעזע דערשיינונג פון נבואה מיט אַ שיטה, וואָס, ווי לאַנג זי איז נאָר לאָגיש אויס־געהאַלטן און קאָנסעקווענט, שטייט זי אין אַ דיאַמעטראַלן קעגנזאַץ צו רע־ליגיעזע פּרינציפּן.

ווי קען מען דאָס, למשל, צונויפקניפּן דעם באַוואוסטן מאמר פון מאַרקס׳ן, אַז „רעליגיע איז אָפּיום פאַרן פאָלק״, דעם דאָזיקן דערקלערטן אַנטאַגאָניזם קעגן רעליגיע בכלל און קעגן דעם יידישן רעליגיעזן גייסט בפרט — (ווייל פון אָט דעם נביא, להבדיל, פון אָט דעם מדריך פון מאָדערנעם סאָציאַליזם, שטאַמט איינער פון די גיפטיקסטע פאַמפלעטן קעגן דעם גייסט פונעם יידישן גלויבן און קעגן דעם כאַראַקטער פונעם יידישן פאָלק) — מיט די רייד פון אונדזערע נביאים, וואָס יעדער פּרק זייערער רוישט מיט דעם פּאָעטישן פּאַטאָס פון רעליגיעזן גייסט, וואָס יעדעס וואָרט זייערס וואַקסט אַרויס, מיט אַ דיכטע־רישן שוואונג פון אומענדלעכער שיינקייט, פון אַ וועלט פון גלויביקן וויסן און אמונה אין די אייביקע אמתן פון יידישן מוסר ?

שוין די שאלות אַליין וואָלטן געמעגט שטיין פאַר אַ תשובה, וואָלטן געדאַרפט ווערן אָנגענומען פאַר אַ ראיה, אַז יענער שתוף איז שקר, אַז אַזאַ פאַרמישונג איז נגד דרך הטבע ; הגם דערמיט וואָלט מען אַלץ נאָך נישט אויפגעדעקט די היסטאָרישע סבה, דעם פאַרבאָרגענעם פּסיכאָלאָגישן מאָטיוו דערצו, וואָס מיר האָפן אים אויפצודעקן, וויבאַלד נאָר מיר וועלן האָבן דורכ־געפירט דעם חשוב׳סטן חלק פון אונדזער אויפגאַבע, דהיינו צו ווייזן, אין וואָס באַשטייט דער הויפּט־היפוך, דער אַנטשיידנדיקער אונטערשייד צווישן יידישער נבואה און סאָציאַליסטישער דאָקטרין.

* * *

דער נביא איז אַ מענטש, וואָס, פון דעם טאָג פון זיין געבאָרן, צי אַפילו נאָך פאַר זיין געבורט, נאָך מבטן אמו, איז ער געבענטשט געוואָרן מיט דער זעלטענער ברכה, צו זען דעם אצבע אלקים אין דער גאַנצער בריאה און אין אַלע אירע באַשעפענישן.

אָבער נישט נאָר אין דער נאַטור, נישט נאָר אין די פיזיקאַלישע געזעצן און אין די ביאָלאָגישע נסים אַנטפּלעקט זיך דעם נביא די השגחה פון גאָט. ער דערקענט זיינע שפּורן אויך אין די דרכים פונעם מענטש, זיין שליטה אין דער גאַנצער געשיכטע פון דער מענטשהייט.

די השערה פון דער וועלט, ווי פון אַ מאָראַלישן בנין, איז דער תמצית פון יידישן דת ; דער דאָזיקער עטיש־קאָסמאָלאָגישער פּרינציפּ פון יהדות, איז אויך דער נביאישער. דער נביא איז נישט משנה, חלילה, קיין אות אין דער תורה, קיין פּינטעלע פונעם געזעץ. ער איז נישט מרבה און נישט ממעיט אין דער תורה, ווי געוויסע מאָדערנע אויסלייגער האָבן געפּרוווט מבאר זיין די נביאים מיט אַ שפּאָגלנייעם פּשט.

דאָס, וואָס כאַראַקטעריזירט דעם יידישן נביא בפרט און איז אים מחלק פון דעם דורכשניטלעכן יידישן בעל־מאמין, איז לחלוטין נישט קיין חילוק

אין דער אויפפאַסונג פון דער תורה, צי אין דעם יידישן התחייבות לגבי דער תורה.

דער נביא, ווי יעדער יידישער מענטש, הן דער פשוט׳ער בעל־מאמין, הן דער געלערנטער תלמיד־חכם, איז זיך מודה צו די גלייכע אמתן, צו די גלייכע געבאָטן, וואָס ווערן געפאָדערט פון יידישער אמונה. ער האָט די גלייכע באַציאונג צו מצוות און עבירות, צו שכר און עונש, צו אַלע די שיינענדיקע הבטחות און שרעקלעכע התראות פונעם יידישן גלויבן.

דער חילוק באַשטייט נאָר אין דעם, וואָס דאָרט, וואו דער פשוט׳ער בעל־מאמין גלויבט מיט אַ בלינדן גלויבן (צי אפשר וואָלט געווען גלייכער צו זאָגן, מיט אַן אינערלעכן גלויבן), גלויבט דער נביא מיט אָפענע אויגן. בעת דער תלמיד־חכם שעפּט זיין וויסן פון ספרים און מסורה, ווייסט דער נביא, ווייל ער ז ע ט.

ד ע ר נ ב י א ז ע ט!

דער נביא זעט בחוש, אויף אַ בולט׳ן, דירעקטן און אינטואיטיוון אופן די הערשאַפט פונעם מאָראַלישן פּרינציפּ אין דער וועלט און אין אַלע מעשים פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט. ער זעט דאָס ענגע שייכות פון שולד און שטראָף, ער זעט דאָס קונציקע געוועב, די חידוש׳דיקע וועגן, אויף וועלכע עס ווערט מקוים דער מדת־הדין און וואָס זיי פירן, סוף כל סוף, צום זיג פון דער גערעכטיקייט.

גערעכטיקייט איז דער יסוד, אויף וועלכן די וועלט איז אויפגעבויט. מיט גערעכטיקייט פירט זיך די וועלט און זי שטייט און פאַלט מיט גערעכטיקייט.

גערעכטיקייט איז שולט אינעם גאַנג פונעם יחיד, אינעם גורל פונעם יידישן פאָלק און אין דער געשיכטע פון אַלע פעלקער פון דער וועלט.

קעגן דער שטראַלנדיקער זון פון גאָטס גערעכטיקייט איז אָבער אַנט־קעגנגעשטעלט דער שוואַרצער שאָטן פון מענטשלעכער שולד. די געשיכטע פון דער מענטשהייט איז די געשיכטע פון מענטשלעכער שולד. מענטשלעכע שולד קען אָבער נאָר זיין דער פועל־יוצא פון דעם מענטשנס מעשים, פון זיין פ ר י י ע ן ו ו י ל ן, פון דעם, וואָס דער מענטש האָט די בחירה צווישן גוט און שלעכט. די פעדעמער פון מענטשלעכער שולד זענען אַזוי ענג פאַר־קניפּט און פאַרבונדן, אַז מען קען נישט אָפּטיילן די שולד און זי אַרויפוואַרפן אויף א י י ן גרופּע, אויף א י י ן ראַסע, צי א י י ן קלאַס אַליין. עס באַשטייט אַן ערבות פון אַלע מענטשן פאַר דער גאַנצער מענטשהייט און דאָס אחריות איז אוניווערסאַל.

* * *

דאָס איז די ערשטע, די פריעסטע מדרגה פונעם נביא, אַז ער זעט. ער איז אַ זעער, אַ ר ו א ה.

און אַזוי, הייסט עס, איז טאַקע געווען זיין נאָמען פּאַרצייטנס אין ישראל, אַז „אויב אימיצער איז געגאַנגען צו פאָרשטן גאָט, פלעג ער זאָגן: קומט, לאָמיר גייען צום זעער, וואָרן דער, וואָס מען רופט אים היינט אַ נביא, איז פריער אַמאָל גערופן געוואָרן אַ רואה, אַ זעער".

אָבער ווי קען מען זען און שווייגן, ווי קען מען פאַרשטיין און בלייבן שטיל? ווי קען מען, זעענדיק בחוש די גזירות, וואָס גרייטן זיך צו איבער אַ פאַרבלענדט און פאַרפירט פאָלק, זיך נישט אָנרופן, נישט וועלן ראַטעווען, נישט מוזן וועקן און וואָרענען?

אַזוי אַרום ווערט פון דעם זעער — דער זאָגער, פון דעם רואה — דער נביא.

ווייל וואָס ער זעט, מוז ער זאָגן, וואָס ער פאַרשטייט מוז ער מפרסם זיין. ער מוז עס אַרויסשרייען פאַר זיין פאָלק, ער מוז עס אַריינשרייען אין די אויערן פון זיינע פירערס, טאָמער וועט מען אים פאָרט הערן און זיך מישב זיין, זיך אומקערן צוריק צו די וועגן פון גאָט און דערמיט אָפּווענדן, צערייסן דעם גזר.

אַזוי־ווי דאָס פאָלק וויל אָבער נישט הערן, אַזוי־ווי עס ווערט אָנגעפירט פון פאַלשע פירערס און פאַלשע נביאים, מוז ער אויפדעקן פאַר זיי בפירוש די וואָרצלען פון זייער שולד, מוז ער זיי שילדערן דעם שרעקלעכן עונש, די שווערד, וואָס שוועבט איבער זייערע שולדיקע קעפּ, מוז ער צוקלאָגן, שעלטן און שטראָפן.

ער מוז. דאָס איז נישט מער נאָר זיין פּערזענלעכער ווילן, דאָס איז געוואָרן אַ צוואַנג, אַ הייליקער הכרח, דאָס איז זיין באַרוף, זיין בחירה, זיין ברכה און זיין קללה.

און אויב אַפילו די גזירה איז שוין אָנגעקומען, דער פּסק שוין אָפּגעמאַכט, אויב ער האָט שוין געזען, אין זיינע הימלשע וויזיעס, דאָס פייער פון גאָטס נקמה און די פלאַמען פון זיין אומ'ברחמנות'דיקן צאָרן, מוז ער דאָס אויך אַרויסזאָגן. ווייל דערמיט איז ער אַלץ נאָך מגלה דעם גערעכטן משפּט פון גאָט, איז ער מצדיק דעם דין, וואָס בלייבט דער הערשנדיקער, דער העכסטער פּרינציפּ אויך נאָכן גזר און אַפילו נאָך דער מפּלה פון דער יידישער מלוכה. ווייל אַפילו דער אונטערגאַנג פון דער מלוכה, דער סוף פון דער נאַציאָנאַלער זעלבשטענדיקייט מיינט נישט, חלילה, דעם סוף פון גאָטס ליב־שאַפט און גערעכטיקייט. פאַרקערט, דעמאָלט, אין אחרית הימים, הויבט זיך גאָר אָן אַן אַנדער, אַ ניי קאַפּיטל פון דער יידישער, דער מענטשלעכער געשיכטע, עס הויבט זיך אָן דאָס מלכות שדי, די וועלט־הערשאַפט פון גאָט.

* * *

אָט, דאָס איז דער נביא און דאָס דער תוכן און תמצית פון יידישער נבואה!

די דאָזיקע קורצע שילדערונג פון דער נביאישער פּערזענלעכקייט, וואָלט שוין געדאַרפט קלעקן, ווי מיר מיינען, צו ווייזן דעם תהום צווישן דעם נביאישן פאַרנעם און דעם סאָציאַליסטישן צוגאַנג.

פונדעסטוועגן איז אָבער אפשר פאָרט כדאי, בפירוש אַרויסצוזאָגן און צו באַטאָנען די הויפּט־חילוקים, וואָס באַשטייען צווישן זיי.

לאָמיר דערפאַר אַנטקעגנשטעלן קעגן דעם לעבעדיקן קוואַל, דעם מים חיים, דעם רווישנדיקן שטראָם פון די נביאישע רייד, די טעאָרעטישע טעזען, די טרוקענע תורה פון דער סאָציאַליסטישער דאָקטרין, אַ דאָקטרין, אויסגע־קוועטשט פון מענטשלעכע געהירן ביי גרינע טישן...

אין דער ערשטער שורה איז נבואה אַ רעליגיעזע דערשיינונג און סאָ־ציאַליזם, מיט זיין מאַטעריאַליסטישן יסוד, אַן אַטעאיסטישע, צי אַפילו זייער אָפּט, אַן אַקטיווו אַנטי־רעליגיעזע דערשיינונג.

אין דער פּראַקסיס זענען טאַקע די פירנדיקע סאָציאַליסטן, די גרויסע טעאָרעטיקערס, געווען אָפן אַנטי־רעליגיעז. מיר דערמאָנען, אין דעם שייכות, מאַרקס און ענגעלס, בעבעל און בערנשטיין, ליבקנעכט און קאַוטסקי אין דייטשלאַנד; הערווע און זשאָרעס אין פראַנקרייך; בלעטשפאָרד און מאָר־ריס אין ענגלאַנד. זיי זענען, לכל הפּחות, געווען קאָנסעקווענטע דענקערס און געטריי צום מאַטעריאַליסטישן יסוד פון זייער שיטה.

דער עקשטיין פון סאָציאַליזם איז דער „עקאָנאָמישער סיסטעם"; דער עקשטיין פון די נביאים איז דער מאָראַלישער מענטש. דערפאַר שטרעבן די נביאים קיינמאָל נישט דערצו, איבערצומאַכן דעם סיסטעם, נאָר איבערצו־מאַכן דעם מענטש. דערפאַר קלאָגן די נביאים נישט צו קיין שיטות און קיין סיסטעמען, קיין טויטע מעכאַניזמען, נאָר זיי קלאָגן שטענדיק צו דעם לעבע־דיקן מענטש, די מענטשהייט, וואָס זי שטייט אונטער אַלע שיטות, וואָס זי אַליין האָט באַשאַפן אַלע סיסטעמען און האָט דערפאַר אויך דאָס אחריות פאַר זיי. דערפאַר זענען די נביאים נישט קיין רעוואָלוציאָנערן אין סאָציאַליסטישן זין, נאָר רעפאָרמאַטאָרן אין רעליגיעזן זין, היות זיי ווילן רעפאָרמירן און באַנייען דאָס מענטשלעכע האַרץ. אויב מען באַמיט זיך שוין יאָ, צו געפינען פאַר די נביאים אַן אַנאַלאָגיע אויס דער מאָדערנער, פּאָליטישער טערמינאָלאָגיע, וואָלט זיכער געווען אַ סך בילכער, זיי צו באַצייכענען מיטן נאָמען: קאָנסערוואַטיוו. ווייל זיי האָבן דאָך געוויס נישט געהאַט בדעה, משנה צו זיין, חלילה, די מצוות, אָדער אָנצורירן די אייביקע אמת׳ן פון דער תורה. פאַרקערט, זיי האָבן גע־האַט בדעה, צו קאָנסערווירן די תורה. אויב מען וויל אָבער פון זיי מאַכן דווקא רעוואָלוציאָנערן, זענען זיי געווען רעוואָלוציאָנערן אויף צוריק.

ווי שלעכט אַ סיסטעם זאָל נישט זיין, שאַט עס אָבער פאָרט ווייניקער, אויב אונטער אים שטייען גוטע מענטשן; אָבער דער בעסטער סיסטעם טויג אויף אַ כפּרה, אויב אונטער אים שטייען בייזע מענטשן. דערפאַר איז

דער אייביקער מאָטיוו פונעם נביא: דער מענטש, די מאָראַליזירונג פון דער מענטשהייט. די נביאים האָבן נישט צו טון מיט קיין עקאָנאָמישע סיסטעמען, זיי האָבן שטענדיק נאָר צו טון מיט מאָראַלישע כוחות.

סאָציאַליזם אָבער קלאָגט שטענדיק צו דעם סיסטעם, אָן אומפערזענלעכן סיסטעם, אַ היסטאָריש דעטערמינירטן מצב פון דער מענטשלעכער געזעלשאַפט, וואָס האָט, בעל כרחו, זיך געמוזט אַזוי אַנטוויקלען און נישט אַנדערש, לויט שטרענגע, מאַטעריאַליסטישע השגות. הייסט עס, אַז די „געגעבענע באַדינגונגען" זענען געווען פון אָנהויב אָן פאַלשע און אַז דער יסוד פון דער געזעלשאַפט איז געווען אומרעכט, להיפוך צו דער יידישער השערה, אַז דער יסוד איז געווען אַ גוטער און גערעכטער און נאָר דער מענטש, דער פרייער מענטש, וואָס ער איז קאַליע געוואָרן דורך זיין אייגענער שולד, ער האָט אויך קאַליע געמאַכט די יסודות.

דערנאָך אָבער נעמט דער סאָציאַליזם, וואָס עד הנה איז ער פאָרגעגאַנגען דעטערמיניסטיש און ווערט פלוצים וואָלונטאַריסטיש. ער שפּאַלט אויף די מענטשהייט אין קלאַסן און מאַכט איינעם פון זיי פאַראַנטוואָרטלעך, פונקט, ווי עס וואָלט יאָ געווען אַ פרייער ווילן, פונקט ווי עס וואָלט יאָ באַשטאַנען אַ מענטשלעך־פּערזענלעך אחריות און הגם ער וואָלט דעם בורזשוי, לויט אַ קאָנסעקווענטער, מעטאַפיזישער קאָנצעפּציע, בכלל נישט געטאָרט באַשולדיקן, אויף דעם גלייכן אופן, ווי ער באַשולדיקט נישט דעם פּראָלעטאַריער, היות, זיי זענען ביידע פּועל־יוצא׳ס פונעם גלייכן סיסטעם.

אמת, אויך דער נביא באַשולדיקט. אָבער אויב ער זוכט דעם שולדיקן, אויב ער קלאָגט צו, קלאָגט ער קודם־כל צו זיין אייגן פאָלק און דער אייביקער מאַסשטאַב זיינער דערביי איז די מאָראַלישע מדרגה פונעם גאַנצן פאָלק און ניט די צוגעהעריקייט צון אַ קלאַס. דער פאַרנעם איז, פון אַ רעליגיעזן שטאַנדפּונקט, אויך דורכאויס קאָנסעקווענט. ווייל אויב זיין פאָלק וואָלט געווען פריי פון שולד, וואָלט עס זיך געקענט פאַרזיכערן אין דער הילף און אין דעם שוץ פון זיין גאָט.

דער נביא קלאָגט אויך צו די אומות העולם, אָבער נישט סתם דערפאַר, ווייל זיי רודפ׳ן יידן, וואָס דאָס ווערט באַטראַכט, ווי אַן אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען און ווי אַ מיטל צו שטראָפן דאָס שולדיקע פאָלק, נאָר ווייל יענע פעלקער, וואָס האָבן אָט די טרויעריקע אויפגאַבע, זענען זי נישט מקים לשם שמים, נאָר צוליב אייגענע עגאָאיסטישע צוועקן.

פונדעסטוועגן פאַרגעסט דער נביא קיינמאָל נישט, אַז די באַדריקער אַפילו, די שונאים פונעם יידישן פאָלק האָבן אויך זייער פּלאַץ אין דעם מאָזאַיק פון דער וועלטגעשיכטע און אַז זיי זענען אויך קינדער פון איין פאָטער. און פאַר אשור און מצרים, פאַר די טראַדיציאָנעלע שונאי־ישראל, געפינט דער נביא ווערטער, וואָס זענען אַ דערהויבענער אויסדרוק פון אמת׳ער

ברידערשאַפט און נישט נאָר פּוסטע, הומאַניטאַרע פּראַזעאָלאָגיע. „געבענטשט" זאָגט דער נביא אינעם נאָמען פון גאָט „איז מיין פאָלק מצרים, און אשור דאָס ווערק פון מיינע הענט, און ישראל, מיין נחלה".

מיר האָבן שוין דערמאָנט, וואָספאַראַ הויכע השערה דער נביא האָט פון דעם אחריות פונעם יחיד. דער נביא איז אויף אַזוי ווייט אַן אינדיווידואַליסט, אַז צומאָל האַלט ער זיך אַליין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם גורל פון זיין פאָלק און דערמיט, אין אַ וויטערן זין, פאַר דעם גורל פון די פעלקער פון דער וועלט. עס איז נישט געזאָגט צו פיל, אַז אונטער געוויסע אומשטאַנדן, קען דער גורל פון דער וועלט ליגן אויף די פּלייצעס פון אַן איינציקן מענטש, לויט דער אויפגאַבע, וואָס איז אים צוגעטיילט געוואָרן פון גאָט. דערפאַר קען אַ געזונטער, געזעלשאַפטלעכער בנין נאָר באַשטיין פון מאָראַלישע אינדיווידועך און אינדיווידואַליזם, פאַראַנטוואָרטלעכע יחידים, זענען דער יסוד פון אַן אמת׳דיקן סאָציאַלן אָרגאַניזם. דער סאָציאַליסטישער פאַרנעם אָבער ווייסט און רעדט בכלל נישט פון קיין פּערזענלעכן אחריות. ער ווייסט נאָר — אין דער טעאָריע — פון דער אויטאָמאַטישער השפּעה פון אַ מעכאַנישן סיסטעם; דער יחיד איז נאָר אַ שרייפל אין דער קאָלעקטיוויסטישער מאַשין.

* * *

דאָס זענען, אין אַלגעמיינע שטריכן, די הויפּט־חילוקים צווישן נבואה און סאָציאַליזם און איצט פרעגט זיך, וויאַרום האָט בכלל געקענט אויפקומען אַן אידענטיפיקאַציע, צי אַן אַנאַלאָגיע צווישן די צוויי שיטות.

פון זייער דערהויבענעם, מאָראַלישן מצב און זענענדיק די וועלטגעשעענישן שטענדיק נאָר אין שייכות מיט לעצטע, אַלגעמיינע עטישע פּרינציפּן, דריקן זיך די נביאים מייסטנס אויס אין אַלגעמיינע עטישע באַגריפן. זיי באַנוצן זיך מיט די באַגריפן גוט און שלעכט, שכר און עונש, בפרט אָבער מיט די מושגים יושר און גערעכטיקייט. אויך צייכענען זיי צומאָל, פאַר די אויגן פון זייער פאָלק און כדי עס צו טרייסטן אין אַן עת־צרה, אַלגעמיינע בילדער פון דעם גליקלעכן מצב אין דער צייט פון אחרית הימים.

אַזוי ווי אין סאָציאַליסטישן וואָקאַבולאַר באַנוצט מען זיך אויכעט מיט די דאָזיקע און ענלעכע ווערטער, האָט מען, ווייזט אויס, אָנגענומען די ריין אויסערלעכע אַנאַלאָגיע פאַר אַן אמת׳ער אינערלעכער אידענטיטעט.

עס איז איבעריק צו באַמערקן, אַז מיט אַזעלכע גענעראַליזירנדיקע אויסדרוקן באַווייזט מען גאָרנישט און אַז דאָס גלייכע וואָרט מיינט נישט דאָס גלייכע אין אַן אַנדערנס מויל. יעדע שיטה, יעדע פילאָזאָפיע און רעליגיע רעדט זיך איין (און מוז זיך איינרעדן) אַז זי האָט דעם אמת, אַז איר טענדענץ איז די איינציק ריכטיקע און גערעכטע, וואָס אויב זי זאָל נאָר מקוים ווערן, וועט

דאָס זיין די גאולה פון דער מענטשהייט און דער אָנהויב פון דער גילדענער תקופה.

היינט, למשל, כדי זיך צו באַנוצן מיט אַן אַקטועלן ביישפּיל, גלויבן רוסישע קאָמוניסטן (און אַ טייל פון זיי זיכער באמונה שלמה), אַז נאָר דער קאָלעקטיוויסטישער סיסטעם, אַז נאָר דאָס קאָמוניסטישע פּרינציפּ קען פירן צו דער באַפרייאונג און באַפרידיקונג פון דער מענטשהייט. להיפוך, האַלטן די אַמעריקאַנער, אַז די רפואה פון דער מענטשהייט איז תלוי אין פרייען האַנדל און אין פרייער אינדוסטריע, בקיצור, אין קאַפּיטאַליסטישן סיסטעם. ביידע צדדים האָבן אָנגעשריבן אויף זייערע פאָנען, אַז זיי שטרעבן צו יושר און גערעכטיקייט און צו דעם גליק פון דער מענטשהייט, ווי עס פאַרשטייט זיך פון זיך אַליין.

פונדעסטוועגן וועט מען דערפון דאָך נישט דרינגען, אַז ביידע שיטות שטרעבן צום גלייכן תכלית, אַז זיי זענען אַנאַלאָג, אַז זיי זענען מחולק נאָר אין אַ טפל, אין קלייניקייטן, אָט, יענע קלייניקייטן, וואָס צוליב זיי שמועס'ט מען שוין היינט גאַנץ ערנסט וועגן דער דריטער וועלט־מלחמה...

אויף דעם גלייכן אופן איז קאָנסטרואירט געוואָרן די מכלומר'שטע אַנאַלאָגיע צווישן נבואה און סאָציאַליזם. אין דער אמת'ן אָבער וואָלט מען זיך געדאַרפט ווייניקער אינטערעסירן מיטן אחרית־הימים און מער באַטראַכטן און פאַרגלייכן דעם בראשית, די פּרינציפּן, פון וועלכע יענע שיטות גייען אַרויס, וואָס איז זייער היסטאָרישע באַזע, וואָס איז זייער דעפיניצע פון יושר, גערעכטיקייט און גליק, מיט וואָספאַראַ מיטלען און מיט וועלכע מעטאָדעס האָבן זיי בדעה צו דערגרייכן זייערע אידעאַלן און צי זענען זייערע דרכים מאָראַלישע. בקיצור, די פראַגע האָט באַדאַרפט הייסן, צי איז סאָציאַליזם אַ מאָראַלישע באַוועגונג אין נביאישן זין.

עס איז נאָך אַלעמען קיין ספק נישט, אַז אויף דער פראַגע קען מען נישט געבן קיין פּאָזיטיוון ענטפער. עס איז, נאָך די ביזאַהעריקע אויספירן, אפשר קלאָר געוואָרן, אַז נאָר אין אַ וועלט, וועלכער עס פעלט דער חוש פאַר גרונט-פּרינציפּן און וואָס דערפאַר איז זי מבולבל אין אַלע אירע דעות, האָט געקענט פאָרקומען אַזאַ טעות, האָט מען געקענט פאַרבייטן די יוצרות אין אַזאַ בולט'ן פאַל.

אַחוץ דער דערמאָנטער פּסיכאָלאָגישער סבה, איז אָבער אפשר פאַראַנען נאָך אַן אַנדערער תירוץ, פאַרוואָס עס איז געקומען צו דעם שתוף. עס איז אַ כאַראַקטעריסטישער שטריך פאַר מאָדערנע מאַסן־באַוועגונגען בכלל און פאַרן סאָציאַליזם בפרט, אַז זיי שטרעבן צו געווינען וואָס מער אָנהענגערס. מען האָט כמעט אינגאַנצן פאַרגעסן, אַז ס'איז מעגלעך, אַן אמת זאָל שטיין און באַשטיין אָן ליאַרעם און אָן שרייענדיקע אַקלאַמאַציעס פון מאַסן־פאַרזאַמלונגען. מ'האָט פאַרגעסן, אַז דער יידישער אמת האָט געהאַט אַ קיום טויזנטער

יאָרן אָן קיין שום פּראָפּאַגאַנדע; אַז ער האָט געלאָזט פאַרבייגיין פאַר זייַנע אויגן, מיט אַ מאַיעסטעטישער ווערדע און רואיקייט, גאַנצע דורות פון פעל־קער, אַז ער האָט געזען, ווי זיי ווערן געבוירן, וואַקסן און פאַרגייען און ווי נאָר ער איז געבליבן לעבן און אַלץ דאָס אָן פּאָליטיק, אָן פּראָפּאַגאַנדע, אָן פּאָס־קודנע פּראָסעליטן־מאַכעריי.

אַזויווי אין אונדזער פּראָבלעמאַטישן יאָרהונדערט איז אָבער נישט שולט דער שטילער אמת, יענער אייביקער אמת, וואָס, כמובן, קען ער נאָר ווערן דערקענט פון איינצלנע, פון באַרופענע יחידים; אַזויווי היינט הערשט מכלומר׳שט די מאַסע, די מאַיאָריטעט, די צאָל, שטרעבט יעדע שיטה צו געווינען וואָס מער פּריינט, פּאַרטיי־חברים, מיטגלידער, סימפּאַטיזירערס, אָנ־הענגערס, נאָכלויפערס און נאָכטאַנצערס. פאַרשטייט זיך, אַז ביי אַזאַ מין ריין פּראָפּאַגאַנדיסטישער אַרבעט, קען מען נישט זיין קיין מפונק און דאַרף נעמען, וואָס מען געפינט און וואו מען געפינט עס. היות, עס איז נאָך פאַר־האַנען אַ גרויסע צאָל גלויביקע מענטשן, פאַרוואָס נישט זיי אויך אַריינציען אין קאָלעקטיוויסטישן קאָן אַריין?

אַזויאַרום זענען געבוירן געוואָרן די ערשטע גרופּן פון די אַזויגערופענע „רעליגיעזע סאָציאַליסטן“, וואָס שוין ביים סאַמע אָנהויב האָט מען איבער זיי געזאָגט, סיי אין ערלעכע רעליגיעזע, סיי אין ערלעכע מאַרקסיסטישע קרייזן, אַז אַ רעליגיעזער סאָציאַליסט איז אָדער אַ קנאַפּער בעל־מאמין, אָדער אַ קנאַפּער סאָציאַליסט.

זיכער אָבער איז, אַז אַזאַ שתוף מוז פאַרשוועכן דאָס שלמות פוןביידע שיטות און אַז ער איז איינע פון די סבות פון דעם קעגנווערטיקן בלבול המוחות, וואָס אין אים שטעקט אַ גרויסע, גייסטיקע סכנה.

דער שרייבער פון די שורות איז זיך באַוואוסט, אַז ער האָט מיט דעם דאָזיקן אַנאַליז נאָר אָנגערירט די הויפּט־פּונקטן פון דעם פּראָבלעם, נאָר אָנ־געוויזן די מעטאָדע, לויט וועלכער אַזאַ אַנאַליז דאַרף ווערן דורכגעפירט, אָבער ער האָפט, אַז געניטערע און געלערנטערע פון אים וועלן אפשר באַ־קומען חשק, זיך צו באַשעפטיקן מיט דעם פּראָבלעם מער בפרטיות. דאָס וואָלט געווען אַ וויכטיקער און געוואונטשענער ענין.

# סאָציאַליזם און „פריילאַנד"*

איינס פון די טרעפלעכע, פאַרשפּיצטע שלאָגווערטער וואָס דר. י. נ. שטיינבערג האָט אונדז געלאָזט הערן במשך פון זיין אינטענסיווער און אינטערעסאַנטער פּראָפּאַגאַנדע־ און אויפקלערונגס־אַרבעט פאַר דער פריילאַנד־באַוועגונג אין ענגלאַנד, איז געווען, אַז אין וואָס יידן נויטיקן זיך היינט, איז „ניט קיין טעאָריע, נאָר אַ טעריטאָריע".

דאָס וואָרטשפּיל נעמט זיך אויס, אין פלוג, זייער קלאָר, זייער קאָנקרעט און — פאַר אַלעמען — זייער פּראַקטיש. עס מיינט צו זאָגן, אַז עד־היום, האָט מען זיך שוין גענוג אָנגערעדט, גענוג גע'טענה'ט און זיך געהאַמפּערט און אַז ס'איז צייט, בפרט לגבי דער מסוכנ'ער לאַגע פון אונדזער פאָלק היינט, צוצוטרעטן ווי אַם גיכסטן צו רעאַלער, ממשות'דיקער אַרבעט. ס'איז צייט, מאָנט דר. שטיינבערג, זיך צוצוקערן אַ ביסל מער צו קאָנקרעטע זאַכן, צו זאַכן, וואָס לאָזן זיך אָנטאַפּן, צו אַ שטיק חומר, וואָס מען קען אים נעמען אין האַנט אַריין און אויספאָרמעווען דערפון די כלי, וואָס מיר דאַרפן אַזוי נויטיק פאַר אונדזער לעבן, פאַר אונדזערן קיום, פאַרן קיום פונעם יידישן פאָלק.

אַ גלייכער געדאַנק, דאַכט זיך, אַ כשר'ער ענין און אַ פּראָסטער חשבון.

פונדעסטוועגן באַפרידיקט די דאָזיקע פּראַקטישע פאָרמולירונג פאָרט ניט איינגאַנצן אונדזער יידיש געפיל, אונדזערע יידישע אינסטינקטן. דר. שטיינבערג אַליין האָט ביי אַנדערע געלעגנהייטן געמאָלן אַ ברייטער בילד, אויפגעעפנט פאַר אונדז ווייטערע האָריזאָנטן. ווייל יידישע מענטאַליטעט פאַרלאַנגט שטענדיק מער, פאָדערט אַ ממשות, וואָס זאָל זיין איינגעוואָרצלט אין אַ טיפערן יסוד, שטיין אויף פעסטערע פונדאַמענטן, כדי זיך נישט צו באַנוצן אין דעם שייכות מיטן וואָרט „אייביק", וואָס איז היינטצוטאָג נישט זייער קוראַנט, נישט עובר לסוחר...

אַ ייד דאַרף, ווייזט אויס, דווקא יאָ אַ טעאָריע...

אָט דאָס באַדערפעניש איז זיכער אויך פאַראַנען אין די רייען פון דער פריילאַנד-באַוועגונג. לכל הפחות האָט איינער פון די פירנדיקע קעפּ פון דער באַוועגונג, האָט א. ג ל אַ נ ץ געפונען פאַר נויטיק, צו פאָרמולירן אַזאַ מין טעאָריע, הגם ער רעפּרעזענטירט מיט זיינע אָנזיכטן נישט די פריילאַנד־באַוועגונג

* זע דעם אַרטיקל „פריילאַנד — ווי איך זע עס" פון א. גלאַנץ, אין דער זומער פעב.־מערץ 1946 פון „אויפן שוועל".

אַלס אַזעלכע, ווי ער באַמערקט בפירוש אין זיין אַרטיקל.

אין אָט דער פאָרמולירונג נעמט ער זיך אונטער צו פאַרביגדן די לכתחילה׳דיקע, כלומר׳שט באַגרענעצטע און ריין פּראַקטישע צילן פון דער באַוועגונג מיט אידייען פון גאולה, סיי פון דער גאולה פונעם יידישן פאָלק, סיי פון דער גאולה פון דער גאַנצער מענטשהייט. ער קניפּט זיי צענויף מיט אידייען פון „יידישע מאָראַליש־עטישע פּרינציפּן“, מיט דעם געדאַנק פון אַ „יידיש היסטאָרישער מיסיע“ מיט דעם באַגריף פון אַ „יידיש וועלטפאָלק“, בפרט אָבער מיט אידייען פון סאָציאַליזם, וואָס ציען זיך ווי אַ רויטער פאָדעם דורך זיין גאַנצן אַרטיקל. עס איז בולט, אַז ער שטרעבט צו פאַרפונדעווען די פריילאַנד־אידייע און „לעצטע אמת׳ן“, איר אונטערצולייגן אַ פעסטן פונדאַ־מענט.

אָט, די כוונה זיינע איז, אין תוך, זיכער אַן עכט יידישע. ווייל פאַר אַ יידן איז בכלל נישט פאַראַן קיין סתם פּראַקטישע ענינים אין אַן ענגערן זין. פאַר יידן האָט די וועלט אַן אייביקן שורש און אַ באַשטימטן תכלית, וואָס אַלצדינג מוז זיין פאַרפלאָכטן דערמיט, אויב עס זאָל האָבן אַ קיום, אויב עס זאָל פירן צו אַ תכלית. אין אַ געזונטערער עפּאָכע פון אונדזער אומה איז דאָס געזאָגט געוווען אַפילו פאַר די טעגלעכע ענינים פון אַ יחיד; אויף וויפל מער דאַרף אַזאַ פאַרנעם זיין גילטיק פאַר אַ באַוועגונג, וואָס איז עלול, משפיע צו זיין אויף דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג און אפשר אַפילו אויפן גורל פונעם יידישן פאָלק?

איז, מיט זיין ברייטן פאַרנעם באַווייזט גלאַנץ, ווי געזאָגט, בלי שום ספק אַ גוטן, אַן עכט יידישן חוש, באַווייזט ער די אייביקע נייגונג פון דער יידישער נשמה, זיך איינצופלאַנצן אין אַבסאָלוטע יסודות.

דאָס מיינט אָבער נישט, אַז מיר זענען מסכים מיט זיינע השגות און מיט זיינע דעפיניציעס פון דעם, וואָס ע ר האַלט פאַר אַ יידישן יסוד. מיר מיי־נען, אַז נישט דווקא אַלע זיינע פאָרמולירונגען זענען דער אידעאַלער אויס־דרוק פון יידישקייט — ווי מיר זעען עס. און מיר האַלטן פאַר נויטיק צו קריגן אויף אייניקע פון זיי, בפרט דאָרט, וואו עס האַנדלט זיך וועגן יענע אַלגעמיי־נע פּרינציפּן, וואָס מיר האָבן אַקאָרשט דערמאָנט.

אין דעם דאָזיקן עסיי שטעלן מיר זיך קודם־כל שאַרף אַנטקעגן זיין טענדענץ, צוצובינדן אַ יידישע וועלט־באַוועגונג, וואָס פריילאַנד פּרעטענדירט צו זיין אָדער צו ווערן, צום סאָציאַליזם פאַר אַ גייסטיקן יסוד, פאַר אַ פילאָזאָ־פישן פונדאַמענט.

„די גאולה פון דער מענטשהייט קען נישט קומען אָן דעם סאָציאַליזם“ זאָגט ער בפירוש און מיט אַ דאָגמאַטישער זיכערקייט, ווי דער קאַטוילישער פּויפּס, בעת ער רעדט „עקס קאַטהעדראַ“.

ענטפער איך אים דערויף בפירוש, אַז אין דעם אַנידערשטעלן אַזאַ דאָג־

מע ליגט אַ גרויסע סכּנה, צי אפשר אַפילו אַ גאַנצע, אַן אויסגעוואָקסענע כּפירה. גלאַנץ, ווייזט אויס, פּילט דאָס אַליין, ווייל ער פּרואווט טאַקע תּיכף ומיד אָפּ־צושוואַכן זיין באַהויפּטונג און זי צו פאַרפּוצן מיט דער באַמערקונג, אַז סאָ־ציאַליזם טויג נישט אַן דער „אַנווענדונג פון די אויסגעפּרוווטע יידישע מאָ־ראַליש-עטישע פּרינציפּן", אָדער, ווי ער וואָלט געקענט זאָגן אַ סך קורצער, שאַרפער און דייטלעכער „אָן תּורה"...

דאָס ווייזט מיר אָבער אויס נישט דווקא קאָנסעקווענט און אפשר אויך נישט לאָגיש אויסגעהאַלטן. ווייל אויב סאָציאַליזם אָן תּורה טויג נישט, איז דאָך תּורה דער אייגנטלעכער יסוד, דער תּנאי צו זיין סאָציאַליסטישער „גאולה" פון דער מענטשהייט און פונעם יידישן פאָלק, איז זי די באַדינגונג פון זיינע סאָציאַליסטישע פּרינציפּן, דער פּרינציפּ פון די פּרינציפּן, דער עיקר העיקרים.

אָדער מיינט ער אפשר צו זאָגן, אַז סאָציאַליזם איז, להבדיל, אויך אַ תּורה, אַ גלייכווערטיקע, און מיר נויטיקן זיך אין צוויי תּורות, חלילה, אין דער פאַרבינדונג פון צוויי גרונט־פּרינציפּן?

נישט אַריינלאָזנדיק זיך אין קיין וויטערן ויכּוח, מעגן מיר שוין אַ פריאָרי דערקלערן, אַז אַזאַ השגה וואָלט געווען אַ היידנישע, אַ פּערזישע, אַ דואַליסטישע, אָבער באַין אופן נישט קיין יידישע. ווייל די יידישע השגה איז דווקא אַזעלכע, וואָס זי שטרעבט צוריקצופירן אַלע דערשיינונגען צו א י י ן מקור, צו א י י ן שורש, צו אַן איינאונאיינציקן יסוד, צום א ח ד, וואָס מען מוז ענדלעך אויפהערן זיך צו שעמען, אים אָנצורופן מיט זיין ריכטיקן נאָמען, דעם אַלטן, גוטן, הייליקן נאָמען: גאָט!

עס קען זיין געמאָלט, אַז איך טו גלאַנצן אַן אַ קריוודע מיט די דאָזיקע באַמערקונגען און אַז ער פאַרשטייט אפשר גאָר מיטן וואָרט סאָציאַליזם דאָס, וואָס איך פאַרשטיי מיטן וואָרט, תּורה; אַז ער אידענטיפיצירט אים מיט תּורה, מיט נביאים, וכדומה יידישע השגות.

אָבער אויך אין אַזאַ פאַל איז כּדאי זיך אָפּצושטעלן אויף זיין פאָרמולי־רונג און צו פּראָטעסטירן קעגן אַזאַ אידענטיפיקאַציע. איך און אַנדערע לייע־נער מיט מיר זענען לחלוטין נישט מחויב אַריינצוטראַכטן אין דעם, וואָס גלאַנץ פאַרשטייט מיט סאָציאַליזם; מיר זענען נישט מחויב אַריינצו'כּישופ'ן אין דעם וואָרט אַ באַטייט, וואָס פּאַסט פאַר א י ם. פאַר אונדז, ווי פאַר יעדן נישט באַאיינפלוסטן לייענער, קען סאָציאַליזם נאָר ווערן אויפגעפאַסט אין זיין רעאַלער, היסטאָרישער באַדייטונג. היסטאָריש גענומען, האָט אָבער סאָציאַליזם אַ גאַנץ קאָנקרעטע געשטאַלט, פאַרמאָגט ער אַ גאַנץ באַשטימטן, היסטאָריש דעפינירטן מיין. היסטאָריש גענומען איז סאָציאַליזם אַ געוויקס, אַ שפּראָץ פון מאַטעריאַליסטישער פילאָזאָפיע, פון אַטעאיסטישע מקורים.

פאַר אונדז אַסאָציאירן זיך מיט דעם וואָרט סאָציאַליזם דורכאויס נישט

יענע אידייען פון סאָציאַלן יושר, וואָס זענען אַרויסגעזאָגט געוואָרן פון אונד־זערע נביאים, ביי וועלכע זיי זיינען פאַראַנקערט אין אַ סופראַ־ראַציאָנאַלן יסוד, אין דער אידייע פון אַ גערעכטן גאָט, דאָס הייסט, דווקא אין דעם היפוך פון סאָציאַליזם מיט זיינע ריין ראַציאָנאַלע, עקאָנאָמישע פרינציפּן, וואָס קיין גרינגערער, ווי דאָסטאָיעווסקי האָט אים באַצייכנט אין זיין „קאַראַמאַזאָף" בזה הלשון:

„...דער סאָציאַליזם איז נישט נאָר אַן אַרבעטער־פראַגע, נישט נאָר אַ פראַגע פונעם אַזויגערופענעם פירטן שטאַנד, נאָר, אין עצם, אַן אַטעאיסטישע פראַגע, די פראַגע פון „בבל־טורעם", וועלכער ווערט דווקא געבויט אָן גאָט, נישט כדי צו דערגרייכן דעם הימל פון דער ערד, נאָר כדי אַראָפּצונידערן דעם הימל אויף דער ערד אַראָפּ".

און אין זיין ראָמאַן, „די שדים", דריקט ער זיך אויס אויף דעם אופן: „סאָציאַליזם מוז זיין, אין עצם, אַטעאיזם, ווייל ער פּראָקלאַמירט שוין, מן הכלל, אַז ער האָט בדעה אויפצובויען זיין וועלט נ אָ ר מיט שכל און וויסן..."

עס איז, כמובן, נישט מיין אויפגאַבע, מיך דאָ מתווכח צו זיין מיט גלאַנצנס פּריוואַטער, סאָציאַליסטישער וועלטאָנזיכט און איך וואָלט מיך נישט אָפּגעשטעלט דערביי אויף אַזאַ אויספירלעכן אופן, אויב איך וואָלט נישט גע־האַלטן פאַר נויטיק צו וואָרענען פאַר אַזעלכע מיני דעפיניציעס, אַזעלכע פאַר־מישונגען פון באַגריפן, וואָס זענען הייַנטצוטאָג לײַדער זייער פאַרשפּרייט ביי יידן.

אין דעם שייכות איז אפשר אינטערעסאַנט, אָנצעווייזן אויף אַ כאַראַקטע־ריסטישער דערשיינונג, הגם איך מוז דערביי אָפּלאָזן פון מיין פּאָלעמיק מיט גלאַנצן. איך וויל מודה זיין, אַז איך באַצי מיך דערויף ניט צולעצט דערפאַר, ווייל איך קען דאָ נעמען די געלעגנהייט, אויסצודריקן מיין באַגייסטערטע באַ־וואונדערונג צו א. מ ע נ ע ס , פאַר זיין רעדע „יידיש פאָלק, יידיש לשון, יידיש גלויבן". *

מענעס האָט אין דער דאָזיקער רעדע געגעבן אַן אויסגעצייכנטן אַנאַליז פון דעם גייסטיקן קריזיס פון אונדזער פאָלק. אין איין צייט האָט ער אויך פאָרמולירט אויף אַ פּאָזיטיוו־רעליגיעזן אופן די מיטלען, די ציילן, וואָס זענען „מסוגל אויפצוהאַלטן יידן ווי אַ פאָלק". און די מיטלען זיינע הייסן, מאָנומענ־טאַל — פשוט: „טראַדיציע, הלכה און גלויבן אין גאולה".

אָבער אַפילו אַ יידישער קאָפּ פונעם פאַרנעם פון אַ מענעס, אַפילו מע־

* געהאַלטן ביים סימפּאָזיום „אַרום רונדן טיש" צו דער טעמע „דער קיום פון יידן ווי אַ פאָלק — צילן און אויפגאַבן", אַראַנזשירט פון דער „צוקונפט" זונטיק אָוונט, דעם 24־טן פעברואַר 1946, אין ניו יאָרק.

נעס, וואָס ער גרייכט אַראָפּ ביז צום סאַמע יסוד פון דער יידישער פּראָבלעמע און וואָס ער האָט געגעבן, ווי איך מיין, מיט דער דאָזיקער רעדע די טעאָרעטישע גרונטלאַגע, די גייסטיקע סטרוקטור פאַר דער קומענדיקער יידישער רענעסאַנס, אויך ער באַגייט דעם טעות צו ריידן פון „רעליגיעזן סאָציאַליזם", בעת ער דערמאָנט די צוויי פּרינציפּן „ואהבת את ד׳ אלקיך" און „ואהבת לרעך כמוך". — דער צווייטער פּרינציפּ דאַרף, מכלומרשט, אַנטהאַלטן דעם „סאָציאַליסטישן" עלעמענט. אַזויווי ביידע פּרינציפּן געפינען זיך אָבער אין אונדזער תורה, איז נאכוואָסזשע דאַרף ער אים אַוועקשענקען צום סאָציאַליזם, צו דעמזעלבן סאָציאַליזם, וועגן וועלכן ער פרעגט, אין אַן אַנדערן פּלאַץ, צי קען עס זיין אַ צופאַל אַז „אין דעם לאַנד, וואו די סאָציאַליסטישע אַרבעטערשאַפט האָט געהאַט אירע בעסטע פּאָליטישע און פּראָפעסיאָנעלע אָרגאַניזאַציעס, איז געוואָרן מעגלעך אַזאַ דערשיינונג ווי דער בעסטיאַלישער נאַציזם?" פאַרוואָס נישט אָנרופן ביידע פּרינציפּן, וואָס זיי זענען אונדזער גוטער, כשר׳ער, אייגענער יידישער באַזיץ מיט דעם איינעם פּאַסיקן און באַרעכטיקטן נאָמען „תורה"?

יאָ, עס איז אַ גרויסע שאָד און אַ שווערער פאַרלוסט, צו נעמען יידישע גיטער, פּילטויזנטיאָריקע, גייסטיקע יידישע ווערטן און זיי אַוועקצוגעבן, אַוועקצושענקען, אונטערצורוקן צו באַוועגונגען, וואָס אין זייערע וואָרצלען און אין זייער פּראַקטיקע, אין זייערע פּראַקטיש־ערדישע דרכים זענען זיי פּונקט דער היפּוך פון יידישקייט.

איך וויל אַדאָ אויך אַרויסזאָגן פראַנק און פריי מיין חשד, אַז מען באַדינט זיך ס׳רוב מאָל מיט די דערמאָנטע פאַרוואַסערטע, פאַרשוועכטע באַגריפן, כדי צו ווייזן, אַז מען איז מאָדערן, אַז מען גייט מיט דער „צייט", אַז מען איז „פּראָגרעסיוו" און אַז אַזויגערופענע פּראָגרעסיווע עלעמענטן מעגן זיך, אָן בושה, משדך זיין מיט געוויסע גענוואונשענע טענדענצן. איך האַלט, אַז אַזאַ דרך איז פאַלש און אַן אומכבוד פאַר אמת יידישקייט.

אויב אַ יידישע באַוועגונג ווי פרייִלאַנד, איז באַרופן צו ווערן „די יידישע באַוועגונג" (און אויף דעם זענען פאַראַן אַ סך רמזים), דאַרף זי זיין בכוח, זיך צו באַגיין, פון סאַמע אָנהויב, אָן אַזעלכע, לאָמיר זיי אָנרופן, דיפּלאָמאַטישע מיטלען, בפרט וואו עס האַנדלט זיך וועגן דעם, צו געבן דעם פאַר׳חלש׳טן יידישן פאָלק אַן אידייע, אַ פונדאַמענטאַלן פּרינציפּ; דאַרף זי זיין בטוח, אַז זי וועט זיך אויסהאַקן און דורכברעכן איר וועג, אָן דער הילף פון אַזעלכע קורצלעביקע פאַרטונקעלונגען און פאַרשלייערונגען. מעג זי רואיק און זיכער אַרויסטרעטן, ווי אַן אמת׳דיק יידישע באַוועגונג, אינעם נאָמען פון גאָט, תורה און יידישקייט, אָדער ווי מענעס זאָגט, פון טראַדיציע, הלכה און גלויבן אין גאולה און האָבן בטחון, אַז דווקא דערמיט וועט זי ווערן מאָדערן און פּאָפּולער.

יידישקייט איז אייביק מאָדערן, ווייל יידישקייט איז אייביק!

# באַמערקונג צו שעקספּיר׳ס „שיילאָק״

וועגן שיילאָק, דעם יידישן סוחר, איז פאַראַן אַ גאַנצע ליטעראַטור, וואָס זי גייט אָבער ווייט אַריבער די גרענעצן פון אַ ריין ליטעראַרישן באַטייט.

מען האָט אונטערזוכט, אַנאַליזירט און קריטיקירט די דאָזיקע געשטאַלט פון פאַרשידענע זייטן. קודם־כל, פאַרשטייט זיך, פון אַ ליטעראַרישן, אַ דראַמאַטיש־פּסיכאָלאָגישן שטאַנדפּונקט. דערנאָך אָבער אויך פון אַן עטישן, אַן עסטעטישן, אַ פילאָזאָפישן און אַ קולטור־היסטאָרישן. מען האָט אים אַפילו אַריינגעצויגן אין פּאָליטישע ויכוחים. שיילאָק איז אָבער, פאַר אַלעמען, אַ ייד און דאָס אַליין איז די־והותר, צו ווערן אַן ענין פון היציקע סכסוכים. כאַראַקטעריסטיש איז דערביי דער ליידנשאַפטלעכער אופן פון די דיסקוסיעס ; אַ סימן, אַז ער האָט נישט אָנגעוואוירן זיין אַקטועלן אינטערעס און מען ציטירט אים טאָקע עד־היום, ווי עס וואָלט זיך געהאַנדלט וועגן אַ לעבעדיקער אויטאָריטעט.

מיר ווילן נישט לייקענען, אַז ס׳איז מעגלעך צו זוכן אָריענטאַציעס אין דעם ווערק פון אַ שעקספּיר, אַז ס׳איז מעגלעך, ביי דעם באַגעגעניש מיט דעם דיכטערשן גאון, אויסצולייטערן זיין השערה פון דער וועלט און זיין השקפה אויפן לעבן.

פונדעסטוועגן טאָר מען אָבער נישט פאַרגעסן, אַז סוף כל סוף איז און בלייבט שיילאָק אַ דיכטערשע פיגור ; מוז מען האָבן אין זינען, אויף ווי ווייט מען טאָר זיך באַנוצן מיט אַ באַשעפעניש פון דעם מענטשלעכן כוח־הדמיון פאַר רעאַליסטישע צוועקן ; מוז מען וויסן, אַז אַפילו דער העכסטער שוואונג פון אַ פּאָעטישער פאַנטאַזיע, אַז אַפילו די נביא׳ישע אינטואיציע פון אַ זשעני, בלייבט אַלץ נאָך משועבד צו די נאַטירלעכע גרענעצן פון מענטשלעכן גייסט און צו די צווינגענדיקע צוימען פונעם צייטגייסט.

ווי פאַרהאַלט זיך עס, אין דעם שייכות, מיט דעם „סוחר פון ווענעדיק״ און זיין גראַנדיעזער עפּיזאָדן־פיגור שיילאָק ?

ווי אַ טונקעלער וואָלקן איבער אַ פאַרביק־גלאַנצנדיקן גאָרטן, ווי אַ פינצטערער, עלעמענטאַרער כוח, דערהויבט זיך די איינזאַמע יידישע געשטאַלט איבער דעם ווייטן שטח פון דער אַרומיקער קריסטלעכער וועלט. אָט די קריסטלעכע וועלט איז אַ לייכטע און לעבעדיקע, אָנגעפילט מיט ראָמאַנטיק און ליבשאַפטן, מיט דעם ריח פון זיסע פירות און מיט דעם רעש פון סוחר׳ישן גערודער ביים ריאַלטאָ, אַ פריילעכע, אַן עולם־הזה׳דיקע וועלט, וואָס זי ווערט לכתחילה געצייכנט פון שעקספּיר׳ן דורכאויס ר ע אַ ל י ס ט י ש.

כמנהג און לויט דער נאָרמאַלער, דראַמאַטישער עקספּאָזיציע איז דער

אייגנטלעכער תוכן, דאָס צענטרום פונעם שטיק, די פּאַראייניקונג פונעם ליבע־פּאָרל באַסאַניאָ־פּאָרציאָ, נאָכדעם, ווי מען האָט גובר געווען שיילאָק׳ן, דעם בעל־הלוואה, דעם אכזר, דעם ייד!

פּאַראַנען אָבער אייניקע מאָטיוון, ווי למשל דער מאָטיוו פון די דריי שקעדאַלעך, וואָס פירן אַריבער פון דעם רעאַליזם פון הלוואות און שטרי־חובות אין אַן אַטמאָספערע פון יענעם מין פאַנטאַסטיק, וואָס מען געפינט אין יידישע מעשה־ביכלעך, אין דייטשע „מערכען” און אין ענגלישע „פיירי־טיילס”. די דאָזיקע מאָטיוון פאַרוואַנדלען דאָס רעאַליסטישע שטיק אין אַ פאַנטאַסטיש שפּיל; זיי שיטן אויס איבער דער גאַנצער האַנדלונג אַ משונה׳דיקע שיין, אַ כשוף׳דיקן קאָליר און מאַכן דערפון אַ דראַמאַטיזירטע בבא־מעשה מיט אַ באַזונדערן, פאַרכאַפּנדיקן חן.

אויך דאָס זיך־שדכ׳ענען פון דעם שוואַרצן פּרינץ פון מאַראָקאָ און פון די אַנדערע חתנים קען מען נאָר באַטראַכטן פאַר אַ חלק פון דער מעשה־ביכל־פאַנטאַסטיק. אַהער געהערט אויך דער עפּיזאָד פון די דריי רינגען, דער „לעצטער מכשול”, דער לעצטער רעטאַרדירנדיקער מאָמענט פאַרן האַרמאָנישן סוף...

א י י ן מאָטיוו נאָר, דער מאָטיוו פונעם ייד, פאַלט אַריין אין דעם מיליע פון קאָמעדיע און בבא־מעשה, ווי אַ באַשעפעניש פון אַ פרעמדן שטערן, אַ וועזן פון אַן אַנדערער וועלט. ווייל עס איז נישט שייך צו זאָגן, אַז מיט דעם מגזם־זיין די שלעכטע מדות פון שיילאָקן, האָט אים דער דיכטער אויך געוואָלט אַריינגעמען אין דער פאַנטאַסטישער ספערע.

בכל־אופן און הגם שעקספּיר זאָל אפילו האָבן לכתחילה געפּלאַנעוועט צו מאַכן פון שיילאָק׳ן די חיה־רעה, וואָס איז נאָכדעם געוואָרן פון אים, גרייכט די געשטאַלט פון שיילאָקן באַלד אַריבער די געגעבענע גרענעצן, שטעלט ער זיך אַנטקעגן דער הויפּט־האַנדלונג שוה בשוה, איז משנה דעם געוויינטלעכן סדר פון דראַמאַטישער עקספּאָזיציע, ביז ער ציט אַריבער דעם שווערפּונקט אויף זיין זייט, ווערט אַליין אַ צווייטער מיטלפּונקט און וואַקסט סוף כל סוף אויס ביז צו יענער געוואַלדיקער גרויס, וואָס אין איר ברייטן שאָטן שפּילט זיך אָפּ דאָס גאַנצע איבעריקע שטיק.

דער אומשטאַנד איז זייער אַ וויכטיקער און מען קען אים נישט גענוג באַטאָנען. רעאַליזם און פאַנטאַסטיק זענען אַזוי משונה׳דיק פאַרמישט אין דער געשטאַלט פון שיילאָק׳ן, אַז מען מוז גוט אַכטונג געבן, אויב מען וויל דורכפירן אַ זאַכלעכן אַנאַליז. דווקא די פאַרמישונג פון ב י י ד ע עלעמענטן אין א י י ן געשטאַלט און דער פאַקט, וואָס מען האָט זיי נישט גענוג מחלק געווען בשעת דער דיסקוסיע, האָט געפירט צו די געצוואונגענע סברות און דעם פאַלשן פּסיכאָלאָגישן פּשט בנוגע פון שיילאָק׳ס כאַראַקטער.

מען האָט באַגאַנגען דעם גרויסן טעות, צו נעמען די ב ו ל ט ׳ ע

גוזמאות אַרום שײַלאָק׳ן פאַר רעאַליסטישע כאַראַקטעריסטיקן און דער־מיט האָט מען אים אָנגעטון אַ גרויסע קריוודע. מען דאַרף זיך נאָר משער זײַן, וואָס עס מוז אַרויסקומען, אויב מען באַנוצט דעם גלײַכן קריטישן מאַסשטאַב לגבי אַ ריין רעאַליסטישער פיגור און אַ פיגור פון יענעם פאַנטאַסטישן לאַנד, וואו עס פלאָדזען זיך שוואַרצע פּרינצן און — יידישע פיפערנאָטערס. דאָ קען זיך לײַכט טרעפן, אַז ביים פּסיכאָלאָגישן פאַלמעסן דעם פיפערנאָטער מיט זײַן האַרטער, ביינערנער הויט, זאָל מען אַריינשניידן אַ לעבעדיקן מענטש אין זײַן צאַפּלדיקן, פילנדיקן פלייש אַריין און — דאָס איז דווקא געשען מיט שײַלאָק׳ן...

פון איין זייט קען מען אויפפאַסן שײַלאָק׳ן ווי אַ מין נאַאיווע פאַרקערפּע־רונג פון אַ גרויזאַמען גייסט, ווי דעם בייזן שלאַנג פון דער בבא־מעשה. זײַן כאַראַקטער ווערט פאַרקרומט ביז צו דעם מצב פון אַ קאַריקאַטור, פון אַ רעכטן טעאַטער־רשע.

ווייל ווער קען זיך באמת משער זײַן, אַז שײַלאָק שלייפט זײַן חלף „אײַפע־ריק״, כדי „אויסצושנײַדן דעם קנס ביים באַנקראָטשיק״ און וועט זיך נישט דערמאָנען אָן דער כישוף־מאַכערן פון „הענזל און גרעטל״, וואָס ווי שאַרפט אירע מעסערס, כדי צו פּערטלען די אָרעמע קינדערלעך?

פון דער אַנדערער זייט אָבער צווינגט אונדז אַ פאַרבאָרגענער עלעמענט, אַ באַהאַלטענער כוח אין דער דיכטערשער שאַפונג, צו דערזען אין שײַלאָק׳ן אַ לעבעדיקן מענטש און נישט נאָר איין מענטש, נאָר דעם רעפּרעזענטאַנט פון אַ גאַנצן פאָלק, הגם די ריין זאַכלעכע מאָטיווירונג פון זײַנע מעשים איז אָפט אַ געצוואונגענע און געקינצלטע.

אָט, למשל, איז שײַלאָק׳ס פאָדערונג פון אַ פונט מענטשנפלייש „פון וועלכן טייל פון אייער גוף איך זאָל נישט וועלען״ זייער קנאַפּ מאָטיווירט, היות, אין יענער צייט איז אַנטאָניאָ׳ס קרעדיט נאָך געווען אַ גוטער און שפּעטער שטעלט זיך טאַקע אַרויס, אַז פון זײַנע שיפן איז נאָר איינע אונטערגעגאַנגען.

דעסטגלײַכן איז קשה, אַז דער מעכטיקער פּריץ, דער דאָזשע פון וועניע־דיק, זאָל נישט זײַן בכוח מבטל צו זײַן די טענות און טביעות פון שײַלאָק׳ן. די פּאָר זאַצן זײַנע, מכוח דעם געזעץ פון ווענעדיק, זענען לחלוטין נישט איבער־צייגנדיק, און דערמאָנען אויכעט מער אין דער נאַאיוו־אַפּאָדיקטישער מעטאָ־דע פון ספורי־מעשות, צי אַפילו אין אַ געקרעמפּעוועטער, געדאַנקלעכער קאָנ־סטרוקציע.

ווי קען אַזעלכעס זײַן געמאָלט ביי אַ שעקספּיר? ווי איז דאָס מעגלעך, אויב נישט צוליב אַ טיפערער סבה, אַ ווייטערער טענדענץ, פאַר וועלכער שעקספּיר איז אַפילו גרייט, מקריב צו זײַן די גלײַכע ליניע פון זײַן געניאַלער פּסיכאָלאָגיע?

די טענדענץ איז פאַראַן.

אויב מען האַלט נישט שײַלאָק׳ן פאַר אַן אויסנאַמיקן יחיד, פאַר אַ נאָווע־

ליסטישן יוצא־מן־הכלל, נאָר פּאַר אַ רעפּרעזענטאַטיווער פיגור, באַשטייט די טענדענץ אין דעם, צו באַהאַנדלען אינעם ראַם פון אַ פאַנטאַסטישן לוסטשפּיל איינס פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון דער וועלט, דאָס פּראָבלעם פון יהדות, וואָס בויט זיך אויף אויף דער הייליקייט פונעם געזעץ, להיפוך צום קריסטנטום, וואָס שטיצט זיך אויף דער אידייע פון חסד ; האָבן מיר דאָ די גרויסע חקירה ודרישה פון דעם אייביקן פּראָבלעם, וואָס איז אין תוך געבליבן סטאַטיש ביזן היינטיקן טאָג, הגם עס מעג פאַרבייטן זיינע פאָרמען אין יעדן יאָרהונדערט.

פון דעם גאַנצן פערטן אַקט, דעם גרויסן ויכוח צווישן געזעץ און גנאָד, צווישן מדת־הדין און מדת־הרחמים איז בולט, אַז די כוונה איז געווען ביי שעקספּירן אַ דורכאויס באַוואוסטע.

ער האָט געהאַט בדעה צו טרעפן אין שיילאָק׳ן דאָס ייִדישע פאָלק, ער האָט געוואָלט אנטוויקלען דאָס אַלגעמיינע פּראָבלעם אין אַן אינדיווידועלער דערשיינונג, הגם נישט ווי אַ צענטראַלן פּראָבלעם פאַר זיך אַליין, קאַטעגאָריש און אָביעקטיוו, נאָר אין זיין שייכות מיטן קריסטנטום און — פונעם מצב פון אַ קריסט.

מען מעג שוין דאָ באַמערקן, אַז ביי דעם גאַנצן עסק, שניידט די ייִדישע אידייע נישט אָפּ צום בעסטן. אָבער דאָס ווערט נאָר דערגרייכט דורך דער דערמאַנטער פאַרמישונג פון דראַמאַטישע עלעמענטן און דורך אַ משונה׳דיקער מאָטיווירונג, וואָס האַלט נישט אויס קיין קריטישן אַנאַליז.

די גילטיקע טביעה, די גערעכטע טענה, דער כשר׳ער שטר אויפן פלייש פונעם קריסט ליגט אין דער האַנט פונעם „בייזן ייד״, דאָס הייסט, די אידייע פון געזעץ ווערט אַ פריאָרי פאַרשוועכט און פאַרפאַלשעוועט דערמיט, וואָס זי ווערט רעפּרעזענטירט פון אַ רשע, אָדער, לכל־הפּחות, פון אַ מכלומר׳שטן רשע.

אויב מען וויל אָבער אונטערזוכן אַ פּראָבלעם, אויף אַן אָביעקטיוון אופן, דורך דעם מעדיום פון אַ לעבעדיקן מענטש און נישט פון אַן אויסגעטראַכטער, אַלעגאָרישער פיגור, וואָס איז צוגעשניצט צו די טענדענציעזע כוונות פון דעם אויטאָר, טאָר אַזאַ פאַרשויין באַיין אופן נישט זיין קיין יוצא־מן־הכלל.

אין דער האַנט פון שיילאָק׳ן, פון דעם „רשע״ שיילאָק, ווערט די גאַנצע טענה אַ פאַלשע.

ס׳איז אַ גערעכטע טענה אין אַן אומגערעכטן ענין, ס׳איז רעכט אַן גע־רעכטיקייט, אַן עוולה פאַר גאָט און פאַר מענטשן, ס׳איז דווקא יאָ דער יוצא־מן־הכלל, אַז מען איז זיך סומך אויף אַ געשריפט, אַ שטיק פּאַפּיר, אַ פּאַפּירן רעכט, וואָס דאָס דאַרף אפשר אויך מרמז זיין אויף דעם מכלומר׳שטן ייִדישן „לעגאַליזם״, דעם טרוקענעם, פּרושימ׳שן פאָרמאַליזם, אָדער ווי די אַלע קריסט־לעך־רעליגיעזע טענות גייען, וואָס ווענדן זיך קעגן דער ייִדישער השערה פון חק און משפט, אינעם נאָמען פון זייער טעאָריע פון חסד.

דערביי באַנוצט זיך דער קריסטלעכער דראַמאַטיקער מיט מיטלען, וואָס

מען מוז אָנרופן פּאַרטייאישע, הגם ער טוט דאָס אפשר אומבאַוואוסט, און נאָר צוליב די פאָדערונגען פון דראַמאַטישער האַרמאָניע. ער לאָזט שיילאָק׳ן פאַר־טיידיקן זיין שטאַנדפּונקט אויף אַ קאַלטן, ריין יוריסטישן אופן און פאַר אַ שלעכטער זאַך. די אידייע פון חסד אָבער ווערט אויסגעטייטשט פון דער שיי־נער, רייכער און חנ׳עוודיקער פּאָרציאַ און דערצו נאָך מיט הויך־פּאָעטישע, נשמה׳דיקע ווערטער אין יענער באַרימטער רעדע וועגן חסד, וואָס ווערט, מיט רעכט, אָנגעזען פאַר איינער פון די זעלטנסטע פּערל פון דער וועלטליטעראַטור.

הגם זי איז אַלגעמיין באַקאַנט, ווילן מיר די רעדע פּאַרט ציטירן אין אַן אייגענער איבערזעצונג, וואָס שטיצט זיך, צום טייל, אויף דער דייטשער אי־בערזעצונג פון שלעגעל־טיעק. זאָגט פּאָרציאַ:

„מדת־הרחמים ווייסט נישט פון קיין צוואַנג,
זי טריפט אַראָפּ פון הימל, ווי אַ רעגן,
אַ מילדער, צו דער ערד, טאָפּלט געבענטשט;
זי בענטשט סיי דעם, וואָס גיט, סיי דעם, וואָס נעמט.
זי שטאַרקט זיך ביי דעם שטאַרקן און זי צירט
דעם מלכות אויפן טראָן מער ווי דער כתר!
דער צעפּטער — איז מרמז אויף זיין גבורה,
אַ סימן פון זיין מאַכט און מאַיעסטעט,
דער פּחד און די יראה פאַרן מלך.
גנאָד אָבער, גנאָד איז מער ווי צעפּטער־מאַכט,
זי וואוינט אין סאַמע האַרץ פון דעם מאָנאַרך,
זי איז אַ מדה, ווי פון גאָט אַליין,
אויב חסד איז ביים משפּט. הער־זשע ייִד,
ווילסטו שוין אַ פּסק־דין, באַקלער א י י ן זאַך,
אַז, על־פּי־דין, וואָלט קיינער נישט געקומען
צון אַ ישועה; אַלע דאַרפן חסד,
מיר אַלע טוען תפילה, בעטן רחמים
און לויט דער תפילה, דאַרפן מיר פאַרשטיין
זיך צו באַגיין מיט חסד קעגן אַנדערע״.

אַזוי טענה׳ט פּאָרציאַ.

און ווער וואָלט געקענט ווידערשטיין אַזעלכע וואוילע, ווייכהאַרציקע און אמת׳ע ווערטער? נאָכוואָס נאָך אויסהאַלטן, מיט אַ קאַלטער געטריישאַפט, ביי די ענג־האַרציקע, האַרטנעקיקע און פּראָזאַישע ווערטער פונעם געזעץ?

צי רירט שעקספּיר נישט אָן אויך די זייט פונעם פּראָבלעם? איז די ייִדישע געטריישאַפט צום געזעץ באמת אַזוי אכזריות׳דיק, אַזוי אומ׳ברחמנות׳דיק, צי איז זי נישט אפשר די איינציק־מעגלעכע, רעאַליסטישע גרונטלאַגע פון מענטש־לעך־ערדישן לעבן, די אומבאַדינגטע באַזע פון יעדן סאָציאַלן אָרגאַניזם?

בקיצור, וואָספּאַראַ ווערט האָט דאָס געזעץ וואָס איז זיך סומך אויף אַ תוכנ׳דיקן אמת און נישט נאָר אויף אַ פאָרמאַלן, וואָספּאַראַ באַטייט האָט דאָס רעכט, וואָס שטיצט זיך אויף גערעכטיקייט ?

שעקספּיר שאַצט לחלוטין נישט אונטער די פונקציע פון לעגאַליטעט. פאַרקערט. דער מאָראַלישער קאָנפליקט, וואָס קומט אַרויס פון עובר זיין אויפן געזעץ, איז דאָך דווקא דער עטישער און דראַמאַטישער יסוד פון כמעט אַלע זיינע אומשטאַרבלעכע שאַפונגען. יאָ, טאַקע אין דעם „סוחר פון ווענעדיק״ ברענגט ער זייער חשוב׳ע טעמים צוליב דער דאָזיקער, קאַרדינאַלער אידייע פון יהדות און דווקא דורך פּאָרציאַ, דעם באַרופענעם קריסטלעכן סנגור פאַר חסד.

באַסאַניאָ בעט דעם דאָזשען, צו טון חסד מיט זיין קריסטלעכן פריינט :

„ — — — — — — איך בעט אייך,
א י י נ מ אָ ל פאַרבייגט דעם דין און טוט אַן עוולה,
אַ קליינע נאָר, צוליב אַ גרויסן רעכט
און ווערט, פאַרווערט דעם בייזן רוח זיין ווילן״.

אָט די בקשה איז אַ דורכאויס באַרעכטיקטע ; אויך וואָלט עס געווען אין הסכם מיט פאָרציאַ׳ס פירוש וועגן זין און באַטייט פון חסד, וואָס —

„ער שטאַרקט זיך ביי דעם שטאַרקן און ער צירט
דעם מלכות אויפן טראָן״.

ווער וואָלט, אין אַזאַ פאַל, געווען מער ראוי, צו פערזאָניפיצירן די אידייע פון קריסטלעכן חסד, אויב נישט דער קריסטלעכער דאָזשע פון ווענעדיק, ביי וועלכען מען בעט נישט מער, ווי נאָר צו פּסל׳ען אַן אומגערעכטע און ריין פאָרמאַלע פאָדערונג און צו ראַטעווען דערמיט אַ מענטשנס לעבן.

אָבער פאָרציאַ שלאָגט אים איבער און זאָגט :

„דאָס טאָר נישט זיין. משנה זיין אַ דין
קען נישט דער גרעסטער יחוס אין ווענעדיק.
מען וועט זיך שפּעטער אויף דעם סומך זיין
און, לויט דעם משל, וואָלטן זיך געמערט
די עוולות אינעם שטאַט. עס טאָר נישט זיין״.

אין אָט דער רעאַליסטישער השגה פון געזעץ, אין דעם דיסציפּלינאַרן חשיבות דערפון ליגט דאָך אָבער דווקא דער תוכן און תמצית פון יהדות. פאַר זיך גענומען איז די דאָזיקע טענה דער אויסדרוק פונעם פּראַקטישן באַטייט פון לעגאַליטעט, נישט באַטראַכטנדיק אַפילו די אידייע פון אַ העכערן רעליגיעזן פּערספּעקטיוו. די השגה מיינט צו זאָגן, אַז די אויטאָריטעט איז מאָראַליש מחויב אויפצוהאַלטן די גערעכטיקייט, אַפילו אונטער שווערע באַדינגונגען און מיט גרויסע אינדיווידועלע קרבנות. ווייל דאָס איז, סוף כל סוף, לטובת דעם שטאַט, דאָס הייסט, לטובת־הכלל. דער יסוד פונעם שטאַט, דער יסוד פון קהל׳שען לעבן

איז לעולם תלוי אין די יסודות פון יושר. די גרונטלאַגע, אויף וועלכער דער שטאַט באַזירט, הייסט — געזעץ.

דערביי וואָלט עס געווען פאַלש צו מיינען, אַז יהדות קען נישט דעם באַ־טייט פון חסד, צי אַז עס שטעלט זיך אַנטקעגן דעם אָנווענדן פון חסד. דאָס איז לחלוטין נישט דער פאַל. דאָס יידנטום שייעט זיך נאָר, זיך נישט מקדים צו זיין און נישט צו פאַרכאַפּן דעם חסד דאָרט, וואו מען קען נאָך מקיים זיין דעם חיוב. קענענדיק דעם מענטשנס טבע און וויסנדיק, אַז ער איז שטענדיק גרייט צו גייך דעם וועג פון גרינגסטן ווידערשטאַנד, האָט דאָס יידנטום מורא, אַז די האָפּע־נונג צו דערגרייכן חסד אויף אַ צו לייכטן אופן, וואָלט באַלד צוגעפירט צו אַ פאַר׳שפּל׳טן מאָראַלישן מצב. אין דער פּראַקסיס, אין פּראַקטישן לעבן פון שטאַט און געזעלשאַפט, איז זיך דאָס קריסטנטום אָבער נוהג אויף דעם גלייכן רעאַליסטישן אופן. און דערפון נעמט זיך די בולט׳ע סתירה, די צוויי־פּנים׳־דיקע שטעלונג פון שעקספּיר׳ן צו דעם פּראָבלעם.

דערפון נעמט זיך, אַז הגם שעקספּיר, דער קריסט, האָט זיך געמיט אויפצו־האַלטן זיינע קריסטלעכע השגות לגבי די אידייען פון יהדות, האָט אָבער שעקס־פּיר, דער דיכטער, דער רואה, נישט געקענט מעכב זיין, אַז איבער זיין סוביעק־טיווער שטעלונג זאָל זיך דורכברעכן דאָס אָביעקטיווע, אַז איבער זיין צייט־באַגרענעצטער פּערזענלעכקייט זאָלן אויפשיינען אייביקע שטראַלן פון אַן אומ־פּערזענלעכן אמת. זיין עקספּאַזיציע צעברעכט זיך אָן זיינע אייגענע ראיות. זיין דיכטערשע דעה האָט געקריגט אויף זיינע טעאָלאָגישע טענדענצן און האָט זיי — גובר געווען.

קיין גילטיקע תשובה צו דעם יידיש־קריסטלעכן פּראָבלעם האָט אָבער שעקספּיר מיט זיין שיילאָק׳ן נישט געגעבן. ער האָט נאָר מרמז געווען דערויף, נאָר קאָנטורירט דאָס פּראָבלעם אויף אַ גראַנדיעזן אופן.

אין וואָס עס ווייזט זיך אָבער אַרויס שעקספּיר׳ס זשעני, איז, אַז הגם ער איז געווען זייער נאָענט דערצו, אַריינצופּרעסן די ממשות׳דיקע וועלט און לע־בעדיקע מענטשן אין טעאָריעס פון קריסטלעכער דאָגמאַטיק, איז ער פאָרט גע־ווען ביכולת, אויפצוווייזן אין שיילאָק׳ן די עלעמענטאַרע מאַכט פון אַ פאָלק, מיט זיין הייליקן באַוואוסטזיין פון אַן אייביקער בהירה. און אַלץ נאָך שטייט די־טראַגישע פאָלקסגעשטאַלט אונטער די געשעענישן פון דער קריסטלעכער און — ווי מיר מיינען — דער גאָרער וועלט און וואַרט אויף איר תיקון.

דערפאַר אויך בלייבט שיילאָק, דער ייד, לעת־עתה נאָך אַלץ נישט מער, ווי נאָר אַ גראַנדיעזע עפּיזאָדן־פיגור.

# וועגן אנטיסעמיטיזם ביי דאסטאיעווסקי'ן

צי איז דאָסטאָיעווסקי געווען אַן אַנטיסעמיט?

אויף דער דאָזיקער פראַגע קען מען נישט ענטפערן, נישט מיט אַ גלאַטן יאָ, נישט מיט אַ דעצידירטן ניין.

דאָס גרויסע האַרץ און די ווייטע נשמה פון אַ דאָסטאָיעווסקי לאָזן זיך ניט אַריינפּרעסן אין די ענגע גרענעצן פון אַ קורצער דעפיניציע, בפרט נאָך אויב מיט אַזאַ דעפיניציע דאַרף ווערן אַרויסגעזאָגט זיין אורטייל איבער אַ פאָלק, דאַרף ווערן אָפּגעפּסק'ענט אַ גאַנצע אומה.

דווקא אין דעם ליגט דאָך דער טיפער טעם, דער באַזונדערער עלעמענט פון דאָסטאָיעווסקי'ס שאַפן, וואָס ער פּסק'ענט קיינמאָל נישט אָפּ קיין מענטשלעכע נשמה. דער אַנאַליטישער כוח פון אָט דעם גרעסטן ראָמאַן־שרייבער, וואָס די וועלט פאַרמאָגט, דרינגט אַריין אויף אַזוי טיף אין דעם אָפּגרונט פון דער מענטשלעכער נשמה, ביז ער דערגרייכט נישט איר דנאָ, ביז ער איז נישט משיג די לעצטע מקורים פון אירע מעשים און דערמיט — איז ער איר מוחל. Tout comprendre c'est tout pardonner — אַלצדינג משיג זיין, הייסט אַלצ־דינג מוחל זיין!

דאָס איז זיכער אַ גרויסע מעלה, אַ הויכע מענטשלעכע מדרגה. אָבער אין דער מעלה שטעקט, אין איין צייט, אַ חסרון. ווייל מיט אָט דעם אַנאַליטישן כוח באַנוצט זיך דאָסטאָיעווסקי לגבי אַלע מיני דערשיינונגען און כאַראַקטערן, ד.ה. אויך לגבי יענע, וואָס זענען דיאַמעטראַלע היפּוכים. דערמיט איז ער גורם אַן אויסגלייך, אַ פאַרשמעלצונג פון די היפּוכים, דערלייזט ער זי זיי אַלע אין דעם פייער פון זיין אייגענעם פלאַמענדיקן האַרץ. ער דערלייזט פריינט און שונאים, ווי נאָר זיי גייען אַדורך דורך דעם ספּעקטרום פון זיין נשמה, אַ נשמה, פול מיט רחמים און מיט געפיל פאַר יעדער מענטשלעכער בריאה.

דאָס איז בלי שום ספק, אַ העראָאישער פאַרנעם, אין דעם ליגט אַ גע־וואַלדיקער ווערט, אַ שטראַל פון דער זון פון משיח'ס צייטן.

און דער פאַרנעם דאָסטאָיעווסקי'ס איז דורכאויס נישט קיין אומבאַוואוס־טער. אין איינעם פון זיינע ראָמאַנען רעדט ער, אין אַן ענלעכן שייכות, פון אַ באַזונדערן העכערן קולטור־טיפּ, וואָס האָט זיך אַנטוויקלט און טאָקע נאָר געקענט אַנטוויקלען אין רוסלאַנד, דעם „טיפּ פון אוניווערסאַלן ליידן פאַר אַלע און אַלעמען".

אָבער אין דעם פאַרנעם ליגט אויך אַ גרויסע סכנה. ווייל אין דער רעאַ־לער וועלט, אין דער וועלט פון ממשות, מוזן די קעגנזאַצן קעמפן, איידער זיי

קעגען זיך פּאַראַייניקן, באַקעמפן זיי זיך האַרט, בלוטיק און אומ׳ברחמנות׳דיק.

דאָרט אָבער, וואו עס ווערט געקעמפט, דאָרט מוז מען זיך דערקלערן פאַר א י י ן צד. דאָרט מוז מען שטיין אויף א י י ן, אויף ז י י ן זייט, מוז מען האָבן אַ חלק אין די פּאַראָלן פון זיינע חברים און מיטקעמפער.

דאָסטאָיעווסקי אָבער קען בכלל נישט קיין פּאַראָלן. ער פאָרמולירט נישט קיין באַשטימטע מאָראַלישע דירעקטיוון. ער אַנאַליזירט זיינע געשטאַלטן אין זייער באַציאונג צו מאָראַל, צו רעליגיעזער מאָראַל כמובן, אָבער ער פאָרמולירט נישט קיין דירעקטע מאָראַלישע פאָדערונגען. ער זאָגט נישט אַרויס דאָס וואָרט, וואָס זאָל מחלק זיין די צדדים אויף אַ באַוואוסטן אופן און זאָל זיי אויפרופן צו יענעם לעצטן קאַמף, דעם קאַמף פון דעם באַוואוסטן טוב קעגן דעם באַוואוסטן רע.

ביי דער גרויסער, דער געוואַלדיקער השפּעה, וואָס דאָסטאָיעווסקי האָט געהאַט אין זיין צייט אין רוסלאַנד, איז אַפילו מעגלעך, אַז אַזאַ וואָרט וואָלט געווען אויפגעהאַלטן די אַנטוויקלונג פון באָלשעוויזם. וואָס איז דער היפּוך פון דאָסטאָיעווסקי׳ס רעליגיעזער מאָראַל און פון זיינע השגות וועגן דעם אחריות פונעם יחיד און וועגן אַן אַלגעמיינער, מענטשהייטלעכער שולד.

דערפאַר טאַקע איז די באָלשעוויסטישע רעגירונג אַ סך נעענטער צו דעם פאַרשטאַרטן, הגם רעליגיעז פאָרמולירטן דעטערמיניזם פון טאָלסטאָי׳ס קריסטנטום און פאַרהאַלט זיך זייער קריטיש לגבי דעם אינדיווידואַליסטישן דאָסטאָיעווסקי, וואָס מאַכט נישט קיין חילוק צווישן אַן אַנאַרכיסטישן יונגן מאַן און אַ צאַריסטישן גענעראַל, דאָרט, וואו עס האַנדלט זיך צו אַנטפּלעקן און צו באַפרייען זייערע מענטשלעכע נשמות...

אויב עס זאָל זיך אויסווייזן, אַז מיר זענען אַ ביסל אָפּגעקומען פון אונדזער טעמע, וועט מען מיט מיר אָבער אפשר מסכים זיין, אַז דערמיט האָבן מיר פאָרט דערגרייכט א י י ן גרויסע ידיעה. עס מוז זיין בולט שוין נאָך די דאָזיקע שורות, אַז באין אופן טאָר מען נישט אַריינגעמען אַ דאָסטאָיעווסקי אין דער רשימה פון יענע דורכשניטלעכע און קליינלעכע ראַסן-אַנטיסעמיטן, אויב נאָר דערפאַר, וואָס ער טרעט צו צו מענטשן און פּראָבלעמען אויף אַזאַ אידעאַלן אופן.

פונדעסטוועגן האָבן זיך געפונען אַ היפּש ביסל ראַסישע און אַנדערע „אַפּריאָרישע" אַנטיסעמיטן, וואָס אין זייערע פּסעוודאָ-וויסנשאַפטלעכע עדיציעס, באַציען זיי זיך אויף דאָסטאָיעווסקי׳ן און ווערן נישט מיד, צו ציטירן אַנטיסעמיטישע שטעלן פון זיינע ווערק. מען קען דעם געוויסן אופן פון ציטירן, מען ווייסט, וויאַזוי דער מין „תלמידי-חכמים" טשיפּען אַרויס די ראָזשינקאַלעך און פאַרגעסן דעריבער דעם גאַנצן, דעם גרויסן און גוטן קוכן.

דער גאַנצער, דער גרויסער דאָסטאָיעווסקי טאָר אָבער בשום אופן נישט ווערן באַצייכנט מיט דעם נאָמען פון אַ פּראָגראַמאַטישן, אַ פּרינציפּיעלן שונאַ-

ישראל. ער אַליין איז זיך מתנצל קעגן אַזאַ מין פּאָרוואָרף מיט דייטלעכע און שאַרפע ווערטער.

אמת, אויב עס באַווייזט זיך דאָ און דאָרט אין זיינע ראָמאַנען אַ יידישע פיגור, איז זי געוויינטלעך נישט פון די סאַמע שענסטע. אויב מען דערמאָנט זיך, למשל, אין דעם יידישן קלאַוויר־שפּילער אין זיינע „שדים" אָדער אין דער פיגור פונעם „יידל", דעם יידישן רולעט־שפּילער און אומפאַרשעמטן גנב אין זיין ראָמאַן „דער בחור", קען מען זיך חידוש'ן, פאַרוואָס און וויאַרום דאָסטאָיעווסקי געפינט שטענדיק אַרויס דווקא די שוואַרצע שאָף פון דער יידישער עדה.

פונדעסטוועגן מוז מען מסכים זיין, אַז יענע געשטאַלטן זענען געצייכנט אויף אַ דורכאויס רעאַליסטישן אופן און אַז עס זיינען פאַראַן אַזוינע מיני פּאַר־שוינען ביי יידן. סוף כל סוף האָט דער קינסטלער דאָס רעכט, זיך צו באַ־שעפטיקן מיט אַלע די געשטאַלטן, וואָס רייצן זיין כוח־הדמיון און זיין כוח־היצירה.

צווייטנס האָבן אַלע יידישע טיפּן, וואָס קומען פאָר אין די ראָמאַנען פון דאָסטאָיעווסקי, נאָר דעם ווערט פון עפּיזאָדן־פיגורן, פון פאַריבערגייענדיקע גע־שטאַלטן, וואָס דערהויבן זיך נישט צו קיין העכערע מדרגה. עס וואָלט געווען לחלוטין פאַלש און אומגערעכט, צו באַהויפּטן, אַז מיט די געשטאַלטן האָט ער געוואָלט אויסדריקן זיין מיינונג וועגן אַ פאָלק, וועגן דעם אינערסטן וועזן פון אַן אומה, וועגן איר „אידייע", ווי דאָסטאָיעווסקי האָט ליב צו באַ־צייכענען די וועלטהיסטאָרישע טענדענץ פון אַ פאָלקלעכער גרופּע.

מען מוז נאָר באַטראַכטן, וואָספאַראַ מיני מענטשן, וואָספאַראַ מיני משונה חיות אין מענטשלעכער געשטאַלט, דאָסטאָיעווסקי שטעלט אַוועק פאַר רעפּרע־זענטאַטיווע פאַרשוינען פון זיין אייגן, געליבט פאָלק. פונדעסטוועגן האָט ער דערמיט נישט געהאַט בדעה אָפּצו־פּסק'ענען די רוסישע „אידייע". אָדער צו דערשיטערן זיין גלויבן אין דער היסטאָרישער בחירה פון רוסלאַנד, אַ בחירה, וואָס איז דווקא גאָר ענלעך צו דעם יידישן משיח־גלויבן.

בקיצור, מיר האַלטן ניט, אַז דאָסטאָיעווסקי האָט מיט דער שילדערונג פון איינצלנע, נישט סימפּאַטישע יידן געוואָלט דיסקרעדיטירן דאָס גאַנצע יידישע פאָלק, ציי אַפילו נאָר די רוסישע יידן, יענעם וויכטיקן עלעמענט פון דער רוסישער באַפעלקערונג, וואָס „אונטער אירע זין געפינען זיך דריי מי־ליאָן יידן", ווי דאָסטאָיעווסקי באַמערקט. (דאָס איז געווען אין דער צווייטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט). אַזאַ מין אָפּשאַצונג וואָלט נישט געווען אין הסכם מיט דעם וועזן פון אַ דאָסטאָיעווסקי, מיט אַ נשמה, וואָס האָט אַרומגע־נומען אונטער אירע געוואַלדיקע פליגלען די גאַנצע מענטשהייט, די מענטש־הייט אין אירע טיפסטע טיפן און אירע דערהויבנסטע הויכן.

אָבער מען דאַרף גאָר נישט זוכן קיין שפורן און קיין ראיות אין דעם

ברייטן ים פון זיינע ראָמאַנען, כדי זיך צו מאַכן אַ קלאָר בילד וועגן דער באַ־ציִאונג פון דאָסטאָיעווסקי׳ן צו יידן און יידנטום; עס איז פאַראַן אַ מין פּראַ־גראַמאַטישע דערקלערונג זיינע צו דער יידישער פראַגע, וואָס דערלייכטערט דעם עסק.

אין זיין „טאָג־בוך״ געפינט זיך אַן אַרטיקל „די יידן־פראַגע״, דווקא יע־נער אַרטיקל, וואָס נישט די קלוגסטע און נישט די ערלעכסטע אַנטיסעמיטן באַנוצן זיך דערמיט און ציטירן דערפון מכלומר׳שטע הסכמות פאַר זייער ביי־ליקער אַנטיסעמיטישער איינשטעלונג. דער אַרטיקל איז דערשינען אין 1877, ד.ה. אַן ערך פיר יאָר פאַר דאָסטאָיעווסקי׳ס טויט; ער איז געשטאָרבן דעם 9־טן פעברואַר 1881, לויט אונדזער צייטרעכענונג.

דעם אַרטיקל מוז מען צוטיילן אַ דעפיניטיוון באַטייט, היות, ער איז גע־שריבן געוואָרן אין דער לעצטער פעריאָדע פון דאָסטאָיעווסקי׳ס שאַפן. זיינע אַרטיקלען אין „טאָג־בוך״ פון יענער צייט קען מען באַטראַכטן פאַר אַ סך־הכל פון דאָסטאָיעווסקי׳ס אָנזיכטן, אַ מין „אינטעלעקטואַלן באַלאַנץ״, ווי ע. ק. ראַזין רופט אים אָן, פון דעם רוסישן גאון.

דער אַרטיקל, וואָס איז געווען אַן ענטפער אויף פאַרשידענע בריוו צו אים פון יידישער זייט, בפרט אויף אַ בריוו פון אַ יידישער דאַמע, וואָס האָט זיך גערעכנט צו זיינע פריינט, איז געווען אין איין צייט זיין עפנטלעכער אַרויסטריט אין שייכות מיט דער יידישער פראַגע. די קאָרעספּאָנדענץ זיינע מיט דעם ייד אברהם א. קאָוונער, וואָס איז דערשינען אונטער דעם טיטל „וידוי פון אַ ייד אין בריוו צו דאָסטאָיעווסקי׳ן״ און האָט אָנגעמאַכט אַ שטאַרקן רושם אין דער ליטעראַרישער וועלט, אַנטהאַלט בכלל נישט קיין נייע אַספּעקטן צו דער יידישער פראַגע, בכל אופן נישט קיין נייערע, ווי יע־נע, וואָס געפינען זיך אין זיינע „פּאָליטישע שריפטן״. די בריוו זענען נאָר וויכטיק אַלס אַ ווייטערע ראיה דערפאַר, אַז דאָסטאָיעווסקי איז צוגע־טרעטן צו דעם שווערן פּראָבלעם מיט ישוב־הדעת, מיט גרויס אחריות און זאַכלעכקייט.

אין די „פּאָליטישע שריפטן״ איז דאָסטאָיעווסקי מחויב צו נעמען שטע־לונג צו אַקטועלע ענינים, צו רעאַגירן תיכף ומיד אויף טעגלעכע געשעענישן און זיך אויסצודריקן אַ ביסל דעפיניטיווער, ווי אין זיין ברייטן עפּישן ווערק. דאָ אַנטפּלעקט זיך די אַנדערע זייט פון זיין טעמפּעראַמענט און פון זיין טבע, אַנטפּלעקט זיך אַ קעמפערישע און ליידנשאַפטלעכע פּאָליטישע נאַטור. פונ־דעסטוועגן איז ער ווייט פון יענע דעמאַגאָגישע דרכים פון אַזויגערופענער טאָג־פּאָליטיק. אויך אין די פּאָליטישע שריפטן, אין שייכות מיט וועלכער פראַגע עס זאָל ניט זיין, בלייבט ער פאַרבונדן מיט זיינע אייביקע מקורים, מיט זיינע רעליגיעזע גרונט־פּרינציפּן, מיט זיין חלום פון רוסלאַנד, מיט זיין אידעאַל פונעם „העכסטן רוסישן געדאַנק״ פון אַ „פאַראייניקונג פון אַלע

אידייען״. אויב ער איז דערביי געצוואונגען צו קריטיקירן, אויב ער איז מחויב מיט איין האַנט צו צעשטערן, איז ער אָבער שטענדיק גרייט מיט דער אַנ־דערער האַנט אויפצובויען, צו פאַראייניקן, צו פאַרבינדן.

דערביי שטיצט ער זיך נישט אויף אַ באַשטימטער דאָגמאַטישער דאָקטרין, אויף אַ באַשטימטן סיסטעם. ער באַציט זיך פּשוט צו וואָספאַראַ דערשיינונג פון טעגלעכן לעבן עס זאָל נישט זיין, צו אַ פּאָליטישן באַריכט אָדער סתם צו אַן אינטערעסאַנטן געשעעניש און אַנטוויקלט זיינע אידייען אין שייכות מיט אַ רעאַלן אָביעקט. ער רעאַגירט אויף די געשעענישן מיט זיין גאַנצער פּער־זענלעכקייט, מיט זיין נשמה, מיט זיין קאָפּ און מיט זיין האַרץ. דערפון נעמט זיך עס, אַז זיינע רעזולטאַטן זענען נישט סיסטעמאַטיש, אין אַ וויסנשאַפט־לעכן זין, הגם ער פירט זיינע אידייען צו צו ווייט פאַרצווייגטע און לעצטע קאָנסעקווענצן. מען וועט אפשר נישט געפינען ביי דאָסטאָיעווסקי׳ן קיינע אָפּגעטאָקטע דעפיניציעס, דערפאַר אָבער במקום פון קאַלטע דאָקטרינען דאָס גליענדיקע גאָלד פון נשמה׳דיקער נאָענטקייט.

מיר האָבן דאָ געפּרואווט כאַראַקטעריזירן דאָסטאָיעווסקי׳ן, ווי ער באַ־וויזט זיך פאַר אונדז אין זיינע פּאָליטישע שריפטן. מיר האָבן געפּרואווט צו ווייזן, אַז זיינע אָנזיכטן אַנטוויקלען זיך אויס דער פאַרבינדונג פון העכסטע רעליגיעזע אידייען און אַ שטאַרקן, געזונטן רעאַליזם. וויאַזוי וועט זיך אָפּ־שפּיגלען די יידישע פראַגע אין אַ גייסט, וואָס איז אַזוי באַשאַפן, ווי דער אוני־ווערסאַלער גייסט פון אַ דאָסטאָיעווסקי ?

אויב מען דערמאָנט זיך, אַז דאָסטאָיעווסקי טיילט צו דעם רוסישן פאָלק כמעט אַ משיח׳ישן באַרוף, און אַז ער פלעגט זיך אין איין צייט אידענטיפי־צירן מיט די מיינונגען און אידייען פונעם פּראָסטן רוסישן פאָלק, ביי וועלכן ער האָט געפונען טיפערע און טיפזיניקערע אידייען, ווי אין די טרוקענע טעאָריעס פון „פאָלקספרעמדע, וועסטאייראָפּעאישע אינטעלעקטואַלן״, מוז מען געשפּאַנט זיין אויף זיין באַציאונג צו יידן.

מיר יידן זענען דאָך אַ פאָלק, וואָס די משיח־אידייע לעבט און וועבט אין אונדז שטאַרקער, ווי ביי די אַנדערע אומות העולם ; און די באַציאונג פונעם רוסישן פאָלק צו יידן איז שטענדיק געווען אַ פּראָבלעמאַטישע. ווי וועט דאָ אַ דאָסטאָיעווסקי געפינען דעם אויסגלייך, ווי וועט ער פאַראייניקן די היפוכים, נאָך דערצו אונטער דעם אַספּעקט פון זיין אַלמענטשלעכער פאַרבונדנקייט ?

אַן ענטפער אויף דער פראַגע וואָלט דאָך כמעט געווען אַ פאַרענטפערונג פון דער „יידישער פראַגע״, וואָס טויזנטער יאָרן געשיכטע האָבן זי עד־היום נאָך ניט פאַרענטפערט.

מיר קענען אויפן אָרט באַמערקן, אַז דאָסטאָיעווסקי׳ן איז אַפילו נישט איינגעפאַלן, אַז ער איז בכוח צו געבן די תשובה, ווייל „אַזאַ פּראָבלעם״ איז ער אָפּן מודה „גייט איבער מיינע כוחות״ . . .

וואָס ער האָט אונדז צו געבן איז ניט מער, ווי פראַגמענטאַרישע שטיק־לעך, שפּראָצונגען פון זיין אינטואיציע, שטריכן און סקיצן, וואָס דאַרפן אַרויפ־פירן אויף אַ וועג, אָבער ווייט נאָך נישט דעם רעכטן וועג, ווייט נאָך נישט דאָס לעצטע וואָרט.

קודם־כל דערקלערט ער — און דאָס דאַרפן זיך פאַרשרייבן אַלע די ראַסן־אַנטיסעמיטן, וואָס צאַצקען זיך מיט ציטאַטן פון זיינע ווערק:

„אַם מייסטן חידוש'ט מיך איינס: ווי און פון וואַנען נעמט זיך עס, וואָס מען האַלט מיך פאַר אַ פיינט פון יידן אַלס אַ פאָלק, אַ נאַציע, אַז מען האַלט מיך בכלל פאַר אַ שונא־ישראל?״

און ווייטער:

„די אָפּנייגונג מיינע נעמט זיך לחלוטין נישט פון ראַסישער, צי רעלי־גיעזער שנאה, נאָר פשוט, פון געוויסע פאַקטן...״

דאָסטאָיעווסקי איז, הייסט עס, עפנטלעך מודה, אַז ער פילט אַן אָפּנייגונג קעגן יידן צוליב געוויסע פאַקטן, געוויסע פאַקטישע געשעענישן; אָבער נישט צוליב אַ דאָגמע, אַ טעאָרעטישן תנאי. הייסט דאָס ווייטער, אַז אויב דער ייד איז ניט פאַר'משפט לכתחילה, נישט אַ פריאָרי סטיגמאַטיזירט, און עס האַנדלט זיך נאָר וועגן צייטלעכע דערשיינונגען, קען מען זיי נאָך אַמאָל איבערקומען. עס זענען נאָר לעת־עתה פאַראַן „סבות אויף ביידע זייטן, וואָס שליסן אויס אַ פאַראייניקונג״, זאָגט ער און מען פילט בחוש, אַז ער וויל זיך אַליין איינריידן, אַז די סבות זענען ריין אויסערלעכע...

דאָסטאָיעווסקי וואַרפט פאַר די יידן, איינבילדונג, גאווה, מאַנגל אין רחמנות, אַ תאווה צו הערשן און בפרט אַ תאווה צו געלט. אין דער רשימה געפינען זיך כמעט אַלע די טענות, וואָס מען הערט ביים פּראָסטן פאָלק און מיט וועלכע זיי פּרוּוון זיך צו מאָטיווירן פאַר זיך אַליין דעם סודות'דיקן, איינגעוואָרצלטן אינסטינקט פון שנאה קעגן דעם ייד. אָט דער אינסטינקט איז אָבער דורכאויס פאַרשידן פון דעם פּרימיטיוון רעליגיעזן האָס צו יידן, הגם עס מעג זיין, אַז זיינע וואָרצלען זיינען איינגעפלאַנצט אין אַ רעליגיעז־מיסטישן באָדן.

אָט דער אינסטינקט פון שנאה איז אויך באין־אופן נישט קיין פּחיתות־הכבוד פאַרן יידישן פאָלק, וואָס דערמיט ווערט נאָר אָנגעגריפן, ווי מיר מיי־נען, די מאָראַלישע בחירה פונעם פאָלק ישראל. אָט די שנאה איז די נאַטיר־לעכע מרידה פון דער מענטשלעכער נאַטור קעגן דער אידייע פון מאָראַל, וואָס איז פערזאָניפיצירט אינעם יידישן פאָלק און איז אַריינגעטרעטן אין דער וועלט בפועל ממש אין דער געשטאַלט פונעם יידישן פאָלק. אָט די מרידה וועט קיינמאָל נישט אויפהערן, הגם די מענטשהייט וואָלט אָן מאָראַלישע אי־דייען ניט געקענט באַשטיין קיין 24 שעה. דערפאַר זעען מיר אויך, ווי אין דער שנאה מישט זיך אַריין אַן עלעמענט פון אָנערקענונג און שאַצונג און ווי

די שטעלונג פון די אומות־העולם לגבי יידן איז שטענדיק פול מיט סתירות. אָט דערפון מאַכט אויך דאָסטאָיעווסקי קיין אויסנאַם נישט.

מיט די באַמערקונגען ווילן מיר לחלוטין נישט אָפּוואַנדן אַלע פאַרוואָרפן פונעם יידישן פאָלק, ווילן מיר נישט באַהויפּטן, אַז מיר יידן האָבן נישט אויך אַ גרויסן חלק אין דעם אויפקומען פון דער פּאַראַדאָקסאַלער סיטואַציע, וואָס איז אַנטשטאַנען נישט צולעצט דורך דעם פאַקט, וואָס דער באַרופענער פאַר־טרעטער פון אַ רעליגיעז־מאָראַלישער אידייע האָט אַליין אַנגעוואָרן דאָס באַוואוסטזיין פון זיין בחירה.

מיר ווילן דאָ באַר אויפווייזן, אַז די סתירה באַשטייט אויך אין דאָסטאָיעווו־סקי׳ס קאָנצעפּציע פון דער יידן־פראַגע.

אָט, למשל, קומט דאָסטאָיעווסקי צו דער מסקנא, אַז, היות עס געפינען זיך באַקאַנטע יידישע נעמען אין פעלד פון אינטערנאַציאָנאַלער פּאָליטיק און פּרעסע, היות יידן נעמען אַ גרויסן חלק אין בערזן־געשעפטן און היות יידן האָבן אַ שטאַרקע תאווה צו געלט, אַז דערפאַר איז דער מאַטעריאַליסטישער חותם פון אונדזער תקופה צוריקצופירן אויף דער יידישער השפעה.

„די רייכע יידן" זאָגט ער „געווינען וואָס אַמאָל מער די הערשאַפט איבער דער מענטשהייט און טראַכטן וואָס מער אַרויפצודריקן דער וועלט די יידישע צורה און איר צוצוטיילן אַ יידיש וועזן". דערביי באַמערקט ער, כמעט אין איין אָטעם, אַז ער רעדט נישט פון איינצלנע מענטשן, נאָר בדרך כלל „פונעם יידנטום און פון דער יידישער אידייע, וואָס נעמט אַרום די גאַנצע וועלט"...

פון אַן אָפּאָלאָגעטישן שטאַנדפּונקט וואָלט מען נאַטירלעך תיכף געקענט ענטפערן, אַז דאָ האַנדלט זיך נאָר וועגן יחידים און דווקא וועגן יחידים, וואָס האָבן זיך שוין לאַנג דערווייטערט, צי אַפילו אינגאַנצן אָפּגעזאָגט פון דער יידישער אידייע; אַז דאָסטאָיעווסקי אַליין רעדט דאָך בפירוש נאָר פון רייכע יידן, וואָס זענען אין פאַרגלייך מיט די ברייטע מאַסן פון די אָרעמע פאָרט נאָר יחידים און אַז דערפאַר האָט ער נאָך נישט געטאָרט אָנגרייפן די אידייע פון יהדות, יענע אידייע, איבער וועלכער ער אַליין זאָגט אויף אַ צווייטן פלאַץ, אַז זי פאַרמאָגט נאָך אַ גאַנץ אַנדערן כוח.

פונדעסטוועגן, אויב מיר וואָלטן אַפילו מסכים געווען, אַז דאָסטאָיעווסקי איז ניט מחויב אַריינצוטראַכטן אין דעם אידעאַלן וועזן פון יהדות און אַז ער איז באַרעכטיקט זיך צו האַלטן אין „פאַקטן", אויב מיר וואָלטן אַפילו מסכים געווען, אַז די יחידים באַווייזן זיך צו אָפט, אַזוי אַז מען קען זיי מער נישט באַצייכענען אַלס יחידים, וואָלט מען דערמיט אַלץ נאָר אָנגעצייכנט איין רעאַ־ליסטישן כאַראַקטער־שטריך, און ניט דעם אידעאַלן אויסדרוק פון יהדות, וואָס פאָדערט גראָד דעם היפוך פון אַ געוויסער יידישער פּראַקטיקע.

און נאָך איין פּונקט:

אויב עס וואָלט אין דער אמת׳ן אַזוי געווען, אויב מאַטעריאַליזם וואָלט טאַקע געווען דער דייטלעכסטער כאַראַקטער־שטריך פון יידן און אויב יידן זאָלן טאַקע פאַרמאָגן אַזאַ מאַכט איבער דער וועלט און איבער רוסלאַנד, פון וואַנען נעמט עס זיך — פרעגן מיר — אַז מען באַמערקט דערפון כמעט גאָר נישט אין די ראָמאַנען פון דאָסטאָיעווסקי, וואָס זיי שפּיגלען דאָך אָפּ געטריי כמעט אַלע רוסישע דערשיינונגען און אידייען? פּאַרקערט. דאָס לעבן פון זיינע ראָמאַן־געשטאַלטן שפּילט זיך אָפּ אין אַ געשלאָסענעם צירקל, אין דעם אָפּ־געזונדערטן מיליע פון רוסישע מענטשן, וואו אַ ייד, צי אַ יידל באַווייזט זיך נאָר אויף אַ קורצן מאָמענט, אין דער פאָרם פון אַן עפּיזאָדן־פיגור. מען וואָלט דאָך געדאַרפט שפּירן אַזאַ השפּעה אויף שריט און טריט, בפרט ביי אַ רעאַ־ליסטישן ראָמאַנסיער.

איז, ווייזט אויס, דער יידישער מאַטעריאַליזם פאָרט נאָר אַן ענין פון יחידים, וואָס אויפן ־גורל פון רוסלאַנד האָבן זיי לחלוטין נישט קיין בולט׳ע השפּעה.

ניין, די אמת׳ע אידייע פון יהדות, די אידייע פונעם גאַנצן יידישן פאָלק איז נישט מאַטעריאַליסטיש, איז דער היפּוך פון מאַטעריאַליזם. דאָס יידנטום, וואָס האָט געשענקט צו דער וועלט זיין וויסן פון דעם איינאונאיינציקן, אויסער־וועלטלעכן מאָראַלישן גאָט, קען נישט זיין מאַטעריאַליסטיש. מען מעג עס אָנ־רופן רעאַליסטיש, ווייל עס שטרעבט צו רעאַליזירן זיינע הויכע אידעאַלן אין דער רעאַלער וועלט. דער יידישער גלויבן איז אַ רעאַליסטישער גלויבן אין גאָט, אָבער אויך דער גלויבן אין אַ רעאַליסטישען גאָט!

אינטערעסאַנט איז, אַז דאָסטאָיעווסקי האָט געהאַט דערפון אַ גאַנץ גוטע ידיעה, אַז ער האָט געהאַט כמעשה נישט אַן השערה פון יענער טיפסטער אי־דייע פון יהדות, הגם ער איז נישט געווען ביכולת, זי צו פאַרבינדן מיט „גע־וויסע פאַקטן״...

„איז דאָס נישט אַ חידוש״, זאָגט ער אַמאָל, „אַז מען קען זיך בכלל נישט משער זיין קיין יידן אָן גאָט״. איך בין מסופּק, צי דער יידישער כאַראַקטער איז ווען און פון וועמען עס זאָל ניט זיין, דעפינירט געוואָרן אויף אַ קורצערן און שאַרפערן אופן.

הגם דאָסטאָיעווסקי האָט דערקענט דעם אידעאַלן, דעם אייביקן כאַראַק־טער פון דער „יידישער אידייע״, קען ער פאָרט נישט אָפּגעבן קיין דעפיני־טיטיוון אורטייל איבער יידן, איבער די „פאַרטרעטער פון דער אידייע״, ווייל געוויסע ממשות׳דיקע פאַקטן זענען אים מבלבל.

דערפאַר קען ער נאָר זאָגן:

„...נאָך איז נישט געקומען די צייט צו זאָגן אַן אורטייל איבער אָט דעם פאָלק, הגם עס זענען עד היום שוין פאַרפלאָסן פערציק יאָרהונדערטער;

נאָך איז נישט אַרויס דאָס לעצטע וואָרט, וואָס די מענטשהייט האָט צו זאָגן איבער דעם מעכטיקן פאָלק".

דער זעלבער דאָסטאָיעווסקי, וואָס רעדט פון דעם שטאַרקן מאַטעריאַליזם ביי יידן, דערהויבט זיך אויף אַן אַנדערן פּלאַץ צו די דאָזיקע ווערטער:

„דאָ איז די ערשטע סבה לחלוטין נישט דער קאַמף, אום זיך צו דער־האַלטן ביים לעבן, נאָר אַן אידייע, וואָס רייסט מיט, וואָס פירט און דערהאַלט; דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ וועלט־באַהערשנדיקן ענין, וועגן אַן אייביקער זאַך, איבער וועלכער די וועלט איז אַפילו נאָך נישט בכוח צו זאָגן דאָס „לעצטע וואָרט". אָבער עס איז קיין ספק נישט, אַז דער רעליגיעזער כאַראַקטער פון דער אידייע האָט דעם איבערגעוויכט".

אַזוי טיף איז דאָסטאָיעווסקי בכוח אַריינצודרינגען אין דעם אידעאַלן תוכן פונעם יידישן געדאַנק. און דערמיט אַליין דעקט ער אויף די סתירות אין זיינע אייגענע אַרגומענטן.

אויב עס באַווייזן זיך אָבער אַזוינע בולט'ע סתירות ביי אַ מענטשן־און־פעלקער־פּסיכאָלאָג פון דאָסטאָיעווסקי'ס פאָרמאַט, איז דאָס אפשר אַ רמז פאַר דעם טיפן תהום, וואָס באַשטייט צווישן דער יידישער טעאָריע און דער יידי־שער פּראַקסיס, צווישן דער יידיש־רעליגיעזער אידייע און דער יידישער רעאַ־ליטעט, וואָס האָט נישט צולעצט גורם געווען דעם בלבול־הדעות בנוגע יידן ביי אַזאַ געוואַלדיקער פּערזענלעכקייט, ווי דאָסטאָיעווסקי.

# פֿאַנעטישער אַנטי־יידישיזם

סע וואָלט געווען אַ דורכאויס פֿאַרשטענדלעכע זאַך, אַ גאָר פּשוטער ענין, אויב אַ ניט־ייד, אַ מענטש וואָס באַדינט זיך מיט איינער פֿון די שבעים לשונות פֿון דער וועלט, זאָל אַרויסזאָגן זיין דעה, אָדער גיכער, זיין סוביעקטיווע מיינונג, אַז די יידישע שפּראַך האָט פֿאַר אים אַ משונה קלאַנג, אַ מיאוסן הילך, אַז יידיש גרילצט אים אין די אויערן...

זיכער, לאָזט זיך דאָס לייכט פֿאַרשטיין, אַז פֿאַר געוויסע אויערן האָט, למשל, האָלענדיש אַזאַ משונה קלאַנג, צוליב דער גוטוראַלער אויסשפּראַך פֿון דער „גימל" און — אַז אַזוינס מוז נישט דווקא געפֿעלן ווערן...

פֿאַר אַנדערע ווידער איז די געפּאַנפּעטע אויסשפּראַך פֿון געוויסע פֿראַנצויזישע וואָקאַלן דער שפּיץ פֿון אויסגעפּיינטקייט און די געגאָרגלטע פֿראַנצויזישע „ריש" איז פֿאַר זייער געשמאַק ממש צוקערלעקלעך; אָבער ס'איז פֿאַראַן מענטשן, וואָס זעען דערין נאָר אַ מין גאווה'דיק זיך־צאַצקען, צי גאָר אַפֿילו אַן אויסגערעדטע, פֿאַרריסענע אַראָגאַנץ...

די דייטשע אַרטיקולאַציע, האַרט און קנאַקנדיק, ווי דער קנאַק פֿון אַ בייטש, אָדער כּדי צו בלייבן „אַפּ טו דייט", ווי דאָס מעכאַניש־מערדערישע האַקן פֿון אַ מאַשין־געווער, איז געוויס ניט ראוי אַרויסצורופֿן אָנגענעמע אַסאָציאַציעס...

דעסטגלייכן וועט מען געפֿינען אַ היפּש ביסל מענטשן, וואָס מיינען, אַז ריידן ענגליש איז לאו דווקא איינס פֿון די ליגוויסטישע פֿאַרגעניגנס. אַפּירשטופּן די יאַסלעס, פֿאַרדרייען מיטן קינבאַק און פֿאַרציען מיט די ליפּן בשעתן ריידן, בפֿרט אָבער דאָס אָנשטויסן מיט דער צונג ביי די פֿאָדערע ציין איידער מען סווישטשעט אַרויס די געהויכטע „ט" איז אויך ניט אַ יעדן איינעמס השגה פֿון אַ פֿרייען, אַ באַקוועמען דיבור...

פֿונדעסטוועגן איז דאָס די נאַטירלעכסטע זאַך פֿון דער וועלט, ס'איז פּשוט בתכלית הפּשיטות, אַז סיי דער ענגלענדער, סיי דער האָלענדער, וועט ניט האָבן דעם מינדסטן ספֿק אין דעם שלמות און אין דער שיינקייט פֿון זיין שפּראַך, אין דעם באַזונדערן חן, דער איינציקאַרטיקער, אומפֿאַרגלייכלעכער ליבלעכקייט פֿון זיין מאַמע־לשון.

אויסגערעכנט נאָר דאָס יידישע פֿאָלק האָט געהאַט די טרויעריקע זכיה, אַז אין זיין מיט זאָלן זיך געפֿינען יחידים, צי אַפֿילו גאַנצע כּיתות, וואָס דערקלערן פֿלוצים פֿראַנק און פֿריי, מיט אַן אייזערנער קאַלטבלוטיקייט און אָן אַ טראָפּן בושה, אַז איינע פֿון זייערע נאַציאָנאַלע לשונות האָט פֿאַר זייער פֿאַר־

פיינערטן געהער אַ מיאוסן און מגושמדיקן טעם, אַ גראָבן און גרילצנדיקן קלאַנג.

מיר קענען זיך דאָ ניט אָפּשטעלן ביי די טונקעלע סיבות, ביי די טריבע מקורים פון דעם מין אַקוסטישע אָפּשאַצונגען, אויף ווי ווייט זיי האָבן אפשר אַ שייכות מיט פּערזענלעכע אינטערעסן פון איינצלנע שרייבערס. מיר ווילן דאָ אויך ניט אַריינגיין אין אַ ויכוח מיט יענעם ווידערשטאַנד קעגן יידיש, וואָס נעמט זיך מכלומרשט פון פּאָליטישן התנגדות, הגם שוין דער צונויפשטעל אַליין פון די צוויי באַגריפן, פון פאַריבערגייענדיקע פּאָליטישע שיטות און פון דעם עלעמענטאַרן, דעם אייביקן תוכן פון אַ שפּראַך, איז אַ פריקרע דערשיינונג. מיר טאָרן זיך איצט אויך ניט אַריינלאָזן אין טיפע חקירות, ווי אַזוי סע קאָן זיין מעגלעך, אַז אַ פאָלק זאָל זיך באַנוצן אין איין צייט מיט צוויי, צי אַפילו מער ווי צוויי נאַציאָנאַלע לשונות, ווייל „יידיש־שפּאַניאָליש“ למשל, אויף ווי ווייט שפּאַניאָלישע יידן זענען געבליבן לעבן, איז אויך אַ „יידישע שפּראַך“.

פאַר אונדז איז גענוג, פאַר אונדז איז די והותר, אַז דער פאַקט באַשטייט; לאָזן זיך שפּראַך־פילאָזאָפן דאַרן די מוחות, ווי אַזוי דאָס קען זיין געמאָלט. בכל אופן איז ניט איינצוזען, פאַרוואָס מע ווערט אַזוי נשתומם גראָד איבער דעם דאָזיקן אויסנאַם, לגבי אַ פאָלק, וואָס זיין אַנטוויקלונג, זיינע איבערלעבענישן, זיין געשיכטלעכער וועג איז געווען מדור דורות אַן אויסנאַם, וואָס זיין גאַנץ לעבן איז אַ נס, אַ י ן גרויסער אויסנאַם במלוא מובן המלה...

מען וואָלט אויך געקענט דערמאָנען דעם היסטאָרישן פאַקט, אַז דאָס יידישע פאָלק האָט פון אבות אבותינו, פון קדמונים אָן כמעט שטענדיק פאַרמאָגט צוויי שפּראַכן, אַפילו בשעת עס האָט געהאַט זיין אייגענעם שטאַט. און מען וואָלט נאָך געקענט צוגעבן, אַז דאָס מוז לחלוטין ניט זיין קיין חסרון; אַז, פאַרקערט, אַז אין דער פעאיקייט צו מאַכן פון פרעמדס אייגנס שטעקט גאָר אַ גרויסע מעלה; אַז דאָס באַווייזט באַר דעם געוואַלדיקן, נאַציאָנאַל־שאַפערישן כוח, מיט וועלכן אַ פאָלק, געצוואונגען צו לעבן אונטער פרעמדע, וואַרפט פונדעסטוועגן ניט אַוועק זיין אייגענע אינדיווידואַליטעט, נאָר להיפך, נעמט אויף און אַרבעט איבער דאָס אַנדערע, דאָס ניט־יידישע און מאַכט דערפון אַן אינסטרומענט, אַ געבענטשטע כלי פאַר זיינע נאַציאָנאַלע באַדערפענישן, פונקט ווי יענער חסידישער רבי, וואָס פלעג אויפכאַפּן ערגעץ אַ ניגון פון אַ גוישן פאַסטוך און פלעג אים טאַקע תיכף ומיד אויף אַזוי ווייט יידישן, אַז זיינע חסידים זאָלן דאָס קענען זינגען ביים שלש־סעודות... פאַר זמירות...

ווי עס זאָל אָבער ניט זיין, דער פאַקט באַשטייט. דער פאַקט פון יידיש באַשטייט און דער פאַקט פון יידישן התנגדות קעגן יידיש באַשטייט. אין וואָס אונדז האַנדלט זיך דאָ, איז חוקר ודורש צו זיין, צי איז עס אמת, ערלעך און רעאַל, צי איז עס בכלל מעגלעך, אַז אַ מענטש זאָל זיך שטעלן קעגן זיין אייגן לשון, אַז אַ ייד זאָל זיך אויפהויבן קעגן יידיש און בפרט אַ יידיש רעדנ־

דיקער ייד און אַלץ דאָס בשם פון אַ מכלומרשט עסטעטישער, אַ פּאַנעטישער אַנטיפּאַטיע...

און דאָ מוז מען קודם כל זאָגן, אַז אַזאַ עסטעטישע אָפּשאַצונג האָט — אַ פּריאָרי — אַ גאָר שוואַכן, אַ זייער רעלאַטיוון ווערט, ווייל זי איז אָפּהענגיק דערפון, ווער ס'איז דער הערער און וואָספאַראַ אידייען, וואָספאַראַ רעיונות ער קניפּט צונויף מיט דעם, וואָס ער הערט. דער עסטעטישער רושם פון אַ שפּראַך איז לעולם אַ ריין סוביעקטיווער; שיינקייט און מיאוסקייט פון אַ שפּראַך זענען שטענדיק רעלאַטיוו. נאָר ס'איז אַ פּלא והפלא! אונדזערע תקיפים, די אייזערנע מוחות אונדזערע, די רעלאַטיוויטעט־העלדן פאַרשטייען זיך גאַנץ וואויל אויף די אַלע רעלאַטיוויסטישע קונצן, זיי קענען פאַרשטיין, אַז מען האָט רעלאַטיווירט דעם שטח, אַז מ'האָט רעלאַטיווירט די צייט, אַז מ'האָט רעלאַטיווירט די מאָראַל און אַפילו כביכול אַליין. נאָר דער עסטעטישער רושם פון אַ שפּראַך איז ביי זיי אַבסאָלוט, הגם יעדער גימנאַזיאַסט, וואָס זאָגט איך, אַ יעדע דינסטמויד וועט אייך דערקלערן, אַז „שיין איז דאָס, וואָס געפעלט". אָבער יידיש גרילצט ניט אין די אויערן מיר, צי דיר, צי אים, נאָר בכלל „יידיש גרילצט אין די אויערן" און — פאַרטיק און טו עפּעס...

אונדז אָבער ווייזט אויס, אַז אַזאַ פּאַנעטישע אַנטיפּאַטיע איז דער שפּיץ פון פּאַראַדאָקסי. דאָס איז כמעט ניט משיג צו זיין. דאָס איז אַ סתירה אין זיך אַליין, דאָס איז די נעגאַציע פון זיין אייגן וועזן.

ווייל אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך, אַרויסגעשוואָומען פון די אונטערערדישע, פאַרבאָרגענע טיפן פון דער פאָלקס־נשמה, אויסגעקנעטן און אויסגעפאָרמט במשך פון הונדערטער יאָרן, מוז זיך דעקן מיט די נאַציאָנאַלע באַדערפענישן פון אירע באַשעפער. די געבורט פון אַ שפּראַך איז אַ ביאָלאָגישער פאַקט, ווי דאָס שפּראָצן פון געוויקסן, ווי דאָס אַפּירברעכן פון אַ קוואַל. דאָס איז אַ פאַקט, וואָס מיר האָבן אים אַליין פּראָדוצירט, וואָס מיר האָבן אים געוואָלט, אים געמוזט שאַפן. אַ שפּראַך ווערט ניט קאָנסטרואירט ביים גרינעם טיש. אַ שפּראַך ווערט ניט געמאַכט; זי ווערט געבוירן, ווי אַ ולד. זי איז לעולם דער אַדעקוואַטער ענטפער צו אַ פאָלקלעכער נויט, צו אַ לינגוויסטישער נויטיקייט. זי מוז בעל כרחה קאָרעספּאָנדירן מיט די לינגוויסטישע, מיט די עסטעטישע אידעאַלן פונעם פאָלקסגייסט, וואָס איז איר געווינערן. אַ נאַציאָנאַלע שפּראַך איז בעל כרחה די פּאַסיקסטע כלי אויף צו אַנטפּלעקן און אויסצודריקן די אינערלעכסטע מחשבות, די אינטימסטע געפילן, די פיינסטע, אימפּאָנדעראַבלע באַזונדערקייטן פון דעם פאָלקסכאַראַקטער. זי איז פּונקט אַזוי שיין, ווי זי דאַרף צו זיין; זי האָט פּונקט דעם חן, וואָס די פאָלקס־נשמה האָט געוואָלט, זי זאָל האָבן. צו זוכן חסרונות אין איר שיינקייט, זיך מתווכח צו זיין איבער איר עסטעטישן חן, דאָס איז אַ ווידערשפּרוך אין זיך אַליין, דאָס איז אַ סתירה אַ פּריאָרי. ס'איז ווי צו ריידן וועגן אַ פינצטער ליכט, אַ טרוקן וואַ־

סער, אַן ערלעכן גזלן. ס'איז אַ „קאָנטראַדיקציאָ אין אַדיעקטאָ", אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּאַראַדאָקס.

דערפאַר קען אַזאַ פּאַראַדאָקסאַלער צושטאַנד ניט ווערן אויסגעטייטשט, ניט ווערן פאַרענטפערט, אַ חוץ מיט אַן איינציקן אַלטערנאַטיוו, דהיינו, אַז יענע אומפריינטלעכע יידישע קריטיקער פון יידיש האָבן זיך אַזוי שטאַרק דערווייטערט פון זייער יידישן מקור, זענען אויף אַזוי ווייט פאַרפרעמדט געוואָרן פון זייער אייגן פאָלק, אַז זיי זענען אַזש אַראָפּ ביז צו דעם טרויעריקן מצב, צו קוקן אויף אַן אָריגינעלער יידישער שאַפונג מיט די אויגן פון אַ ניט־ייד און דערצו נאָך פון אַ ניט־ייד, וואָס איז לחלוטין ניט איבעריק פריינטלעך צו זיי. אַזאַ פאַרהאַלטן איז אָבער נגד דרך הטבע. דאָס איז אַזוי אומנאַטירלעך, ווי צו פאַרשטויסן זיין אייגן קינד, ווי צו שלאָגן זיין אייגענע מאַמע. ס'איז אַפילו נאָך ערגער. ס'איז ווי מאבד־עצמו־לדעת זיין, ווי צו צעשטערן זיין אייגן לעבן, מקריב צו זיין זיין נפש, צו דער׳הרג׳ענען זיין אייגענע נשמה.

ווייל די שפּראַך איז דאָס לעבן פון דער נשמה.

* * *

נאָך אַלעמען, וואָס דאָ איז געזאָגט געוואָרן ביז אַצינד, איז אפשר איבעריק, אַריינצוגיין אין ווייטערע פּרטים. ווייל די „זאַכלעכע" פּאָנעטישע טענות קעגן יידיש זענען פשוט לעכערלעך.

פונדעסטוועגן און כדי יוצא צו זיין נאָך אַלע זייטן, לאָמיר אָקאָרשט באַטראַכטן איינע פון די כלומרשט אָביעקטיווע קריטיציזמען, וואָס ווענדן זיך קעגן די אומעטיקע, ווייכע, וויינענדיקע דיפטאָנגען, די יידישע טאָפּל־וואָקאַלן, די „אוי"ס און „איי"ס א.א.וו., וואָס מען וויל פון זיי אַרויסהערן דעם הילך פון שוואַכלעכער יידישער סענטימענטאַליטעט. גאָר טיפע חקרנים, פילאָזאָפישע פילאָלאָגן האָבן אַפילו דערשמעקט אין דעם אַן אויסדרוק פון די טראַגישע איבערלעבונגען אין דער יידישער געשיכטע, דעם טרויעריקן טאָן, דעם קרעכצנדיקן קלאַנג פונעם גלות־ייד, דאָס עלנט און די נויט פונעם געטאָ וכדומה, וואָס דערפון דאַרף מען זיך דערווייטערן, דאָס דאַרף מען אויפגעבן, עוקר־מן־השורש זיין וואָס גיכער און טאַקע איין מאָל פאַר אַלע מאָל.

מיר אָבער פרעגן, ניט באַרירנדיק אַפילו דאָס פּראָבלעם, צי דאַרף ניט אַ שפּראַך דווקא יאָ אָפּשפּיגלען אַלע איבערלעבענישן פון אַ פאָלק, הגם זיי זאָלן זיין אַזוי טראַגיש ווי די יידישע, מיר פרעגן פשוט: איז דאָס באמת אַן ערלעכע עסטעטישע טענה? איז דאָס באמת אַ ריין פאָנעטישע אימפּרעסיע? צי וואָלט דער מכלומרשטער רושם געווען דער גלייכער, אויב סע זאָל זיך דערביי האַנדלען וועגן אַן אַנדערער שפּראַך, למשל וועגן ענגליש? יאָ, טאַקע, ווי פאַרהאַלט עס זיך אין דעם שייכות, מיט דער ענגלישער קלאַנגען־סקאַלא.

וואָס איז אָנגעפּולט מיט אַ ניש־קשה׳דיק היפּש ביסל „אוי״ס און „איי״ס א.א.וו. וואָס האָרן דעם ענגלענדער ווי דער פּאַראַיאָריקער שניי? פּאַרוואָס, נעבעך, איז דער ייד מיט זיין קרעכץ, מיט זיין יידישן זיפץ, מיט זיין אוי און ווי, מיט וואָס איז ער, פּרעגן מיר, נעבעך שפּל׳ער פונעם ענגלענדער, וואָס האָט, למשל, „פּאַרלוירן זיין שפּילעכל אויפן וועג״, זיין „טאַי אָן דע וועי״ ?... און צי קען מען נישט אפשר האָבן אַ סך תענוג, אַ סך שמחה מיט אָט די שלימזל׳דיקע דיפטאָנגן, פּונקט ווי דער ענגלענדער איז זיך משמח אין זיין „פרייד און זיין שפּיל״, אין זיין „דזשאָי״ און זיין „פּלעי״ ?...

אַ דייטשער ייד, קען זיין, נעמט איין בושות מיט יידיש, ווייל סע קומט אים פּאָר, ווי קאַליע דייטש, און אויב ער הערט, למשל, דאָס יידישע וואָרט „קלויסטער״, ווייזט אים דאָס אויס משונה איינגעבויגן, צעבראָכן; ווייל אין זיינע אויערן הילכט דער דייטשער „קלאָסטער״, אויסגעצויגן און שטייף, ווי אַ פּרייסישער זשאַנדאַר... אָבער רעדנדיק ענגליש, וועט דערזעלבער דייטשער ייד מוזן אַרטיקולירן „קלויסטער״, טאַקע מיט אַן „וי״, פּונקט אַזוי, ווי אַז ער רעדט יידיש. אויב ס׳איז אָבער ענגליש איז שוין ניחא, ווערט עס תיכף מלא־חן...

ניין, מיט די עסטעטישע טענות, מיט די פּאָנעטישע שפּילערייען באַווייזט מען גאָרנישט און ניט דאָס וואָרט איז מיאוס, נאָר וואָס מען איז זיך משער אונטער דעם וואָרט, אָט דאָס פּאַר׳מיאוס׳ט זיי דאָס יידיש לשון. ס׳איז זייער אומ׳חן קעגן דעם אמת׳ן, עכטן, פּראָסטן ייד, קעגן דעם פּאַרמאַטערטן גלות־ייד, וואָס ער האָט געטריי געטראָגן זיין יידיש עול און איז דאָך געווען בכוח צו שאַפן אַן אייגענע, אינדיווידועלע, שיינע, שטאַרקע און מעכטיקע קולטור, וואָס רעדט אַרויס פון אַלע די טענות זייערע. אפשר אַפילו ווילן ז״י פּטור ווערן פון אים, דווקא ווייל ער איז צו אייגן, צו יידיש, צו דורכגעווייקט מיט יידישקייט...

מיר אָבער מיינען, אַז אויב אַ ייד, וואָס האָט געהאַט אַ חלק אין דער חרפּה פון באַשמוצן זיין אייגן נעסט, פון נעגירן אַ מעכטיקע, אַ שטאָלצע שאַפונג פון זיין אומה, אָבער וואָס היינט, נאָך דעם ביטערן פּורענות, האָט ער זיך מישב געווען און וויל זיך אומקערן צוריק צו די אמת׳ע, די עכטע קוואַלן פון יידישן פאָלקסלעבן, אַז אַזאַ ייד וועט זיך מוזן קודם כל אומקערן צו דעם טייערסטן טייל פון דער שאַפונג, צו זיין מאַמע־לשון, צו יידיש. אפשר אַפילו, וועט די דערנענטערונג צו דער ענגליש רעדנדיקער וועלט דערלייכטערן אַזאַ פּראָצעס, וועט זי בולט באַווייזן, אַז ווערטער זענען פאַר זיך אַליין ניט שיין און ניט מיאוס און אַז נאָר דאָס, וואָס מען שטעלט זיך פאָר אונטערן וואָרט, באַשטימט דעם רושם פונעם הערער. אויב זיי וועלן זיין גרייט, זיך פאָרצושטעלן אונטער יידיש זייער אייגן, געליבט פאָלק, זייער פאָלק אין דער נאַכט פון זיין דערנידריקונג אָבער אויך אין דעם גלאַנץ פון זיין גבורה, דאַן וועט

יידיש אין זייערע אויערן נישט קלינגען בעסער און נישט ערגער פון אַן אַנ־דערער שפּראַך.

פאַר דעם יידישן האַרץ אָבער וועט דאָס יידישע וואָרט בלייבן אַ טייערער, אַן אייביקער באַזיץ. פאַר דעם יידישן געפיל פאַרמאָגן יידישע ווערטער די ווייכקייט פון אַ פלושענעם פרוכת, פאַר דעם יידישן אויג דעם נשמה־גלאַנץ פון גילדענע שבת־לייכטער און צו דעם יידישן אויער קלינגען זיי מיט דעם ליבלעכן קלאַנג פון זילבערגלעקלעך, מיט דעם קלאַנג פונעם „כתר“, מיט וועלכן מיר קרוינען דעם מקור פונעם יידישן גייסט, אונדזער הייליקע תורה!

# וואָס הייסט יידיש געוויסן?

(אַן אָפּרוף צו דעם אַרטיקל פון א. מ. פוקס „דער נסיון פון יידישן געוויסן״, אָפּגעדרוקט אין „די צייט״, לאָנדאָן, מאָנטיק, 15־טן יאַנואַר 1946.)

אין פלוג און איבערראַשנדיק דאָס קעפּל פונעם אַרטיקל פון א. מ. פוקס, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז דאָ גייט דער מחבר אויפדעקן די געפאַרן, וואָס גראָבן אונטער די יסודות פונעם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער; אַז דאָ נעמט זיך איינער אונטער, אויפצואווייזן די סכנות, וואָס לאָקערן היינטיקע צייטן אויף דער יידישער נשמה, אויף אַלע גייסטיקע יידישע ווערטן, אויף דעם אייביקן „תוכן און תכלית פון יהדות״, אויף אַלע די ענינים, וואָס פוקס אַליין דעפי־נירט, אין שייכות מיט זיי, דעם באַגריף פון אַ יידישן געוויסן.

לויט ד ע ם קעפּל און מיט׳ן שכל־הישר דערוואַרט מען זיך אַפילו אַ שטיקל אָנצוהערעניש, אַ ביסל מוסר, וואָס דער מוכיח וועט אונדז שטראָפן דערמיט, אונדז געבן צו פאַרשטיין, אַז מיר דאַרפן בלייבן שטאַרק, דווקא ווייל עס איז אַן עת־צרה; אַז מיר טאָרן זיך נישט אונטערגעבן דעם נסיון, נאָר פאַרקערט, מיר מוזן בלייבן געטריי, געטריי צו זיך אַליין און צום יידישן גע־וויסן.

ווייל וואָס קען הייסן דער נסיון פונעם געוויסן?

וואָס מיינט געוויסן, אויב נישט דאָס וויסן פון אַ זאַך, פון אַן אמת, פון אַ פאַרהייליקטער אידייע און — דאָס זיך־האַלטן דערביי; דאָס באַוואוסטזיין פון אַ חיוב, וואָס מען טאָר אים בשום אופן נישט אויפגעבן, הגם דאָס איז פאַר־בונדן מיט גרויסע קרבנות; דער טרייב, צו בלייבן געטריי צו אַן איבער־צייגונג, הגם די מאַטעריעלע דערשיינונגען זאָלן סותר זיין מיט איר, הגם עס איז אַ סך נאַטירלעכער, פּראַקטישער און באַקוועמער, צו האַנדלען קעגן דער איבערצייגונג, קעגן זיין געוויסן; הגם מען קען אַמאָל אַפילו איינשטעלן זיין לעבן דערביי...

אויב יידן האָבן זיך געלאָזט פאַרברענען אויף די שייטער־פלאַקערס אין אַ צייט, וואָס מיט אַ וואָרט, מיט אַ טראָפּן שמד־וואַסער וואָלטן זיי זיך געוועזן געקענט אָפּראַטעווען, אָט דעמאָלט האָבן זיי באַוויזן כאַראַקטער, זענען זיי ביי־געשטאַנען דעם נסיון פונעם יידישן געוויסן...

איז, וועט מען פאַרשטיין, פאַרוואָס דער לייענער ווערט אינגאַנצן פאַר־פּירט, אויב ער לייענט איבער דאָס קעפּל פון פוקס׳ אַרטיקל... דער רושם האַלט אָן ביים לייענען פון די ערשטע דריי עמודים, וואָס דער מחבר באַ־האַנדלט דאָרט דווקא אָט די אייגנשאַפטן פונעם יידישן פאָלק, אָט דאָס עקשנות,

די כאַראַקטער־פעסטקייט, וואָס קיין צער און קיין רדיפה, קיין נויט און קיין טויט איז נישט געווען בכוח איבערצוברעכן.

די דאָזיקע דריי עמודים זענען, פאַר זיך גענומען, אַן אמת׳דיק מייסטער־שע סקיצע פונעם באַטייט פון יידישן גייסט, אַ התלהבות׳דיקער אויסדרוק פונעם זין פון יידישער געשיכטע, די אויסגיסונג פון אַ הייס יידיש געפיל, וואָס דביק׳עט זיך ממש, כמעט אויף אַ חסידישן אופן, איבער יידן און יידיש־קייט, אַט אַזוי, ווי עס פּאַסט זיך טאַקע פאַר אַ יידישן שרייבער . . .

און, הגם דער מחבר באַגייט דעם לאָגישן טעות צו באַצייכענען דעם יידישן פאַרנעם צו דער וועלט און צו גאָט פאַר אַן „אינערלעכן, אַ סוביעקטיוון״ און דערמיט פאַר — אַ רעלאַטיוון, בעת מיר ווייסן, אַז די השגה פון אַן אײ־ביקן, אַן אומפאַרענדערלעכן גאָט איז דווקא דער אויסדרוק פון אַן אַבסאָלוטום, די אידייע פון אַ לעצטן מקור, פון אַן אָביעקטיוון עדות לגבי אַלע צייטלעכע דערשיינונגען און סוביעקטיווע מעשים, פונדעסטוועגן ווערט דער מחבר נישט מיד אויסצורעכענען די מעלות, די מאָראַלישע קראַפט און די עטישע העלדיש־קייט פון אַזאַ פאַרנעם. דער באַשלוס זיינער איז, אַז אַזאַ מין „יהדות איז אין זיין ווירדיקן תוך געווען אַ פאָלקאָמען אחריות לגבי גאָט, זיך און דעם כלל ישראל״ . . .

לייענענדיק אַזעלכע שורות איז, דאַכט זיך, קיין ספק נישט, וואוהין דער מחבר וויל אונדז צופירן. ווייל וואָס קען מען מער פאַרלאַנגען פון אַ פאָלק, ווי אַ פולקום אחריות לגבי גאָט, זיין העכסטן אידעאַל, לגבי זיך אַליין, זיין אינדיווידועלן כאַראַקטער און לגבי דער נאַציע, דעם כלל ישראל ?

אויב דער גלות־ייד האָט באַוויזן צו דערגרייכן אַזאַ מדרגה, ווי פוקס שיל־דערט זי פאַר אונדז מיט אַזעלכע לעבעדיקע, אַזעלכע גליענדיקע פאַרבן, דאַן מוז אַלצדינג, וואָס קען נאָך נאָכקומען, נאָר זיין אַ שוואַכונג, אַ פאַרמינערונג פון דעם אַמאָליקן שלימות.

און אָט, מיינט מען, וועט דער מחבר צונויפקניפּן די פאַרגאַנגענע פּע־ריאָדעס פון דער יידישער געשיכטע, אַ געשיכטע פון אידעאַליסטן און גבורים, פון גלויבנסהעלדן און מאַרטירערס, מיט אונדזער איצטיקער תקופה און וועט אונדז אויפרופן, זיך צו ווייזן ווי ווירדיקע זין פון יענע העלדישע אבות, ווי חשוב׳ע אייניקלעך פון די טייערע זיידעס . . .

און אָט דאָ מאַכן מיר טאַקע אַ ביטערן טעות . . .

ווייל מיט אַ קונציקער קפיצה, מיט אַ פולן דריי פון 360 גראַד, אַן אמת׳־דיקן סאַלטאָ־מאָרטאַלע, קומט דער מחבר פּלוצלינג און פון דער העלער הויט צו גאָר אַן אַנדערער מסקנא : קערט ער פּלוצלינג איבער דאָס טעפּל סמע־טענע און לערנט גאָר די גמרא פונקט קאַפּויער. און דרינגען דרינגט ער, אויף אַ משונה׳דיקן אופן און מיט אַן אויסטערלישן סאָרט לאָגיק, אַז היות אַכט

מיליאָן יידן זענען דער׳הרג׳עט געוואָרן און די הייליקע קהילות, בעיקר אין פּוילן, זענען אָפּגעווישט געוואָרן פונעם פּנים פון דער ערד „דעריבער האָט זיך אויך דאָס מהות פונעם יידישן געוויסן געמוזט ענדערן און זיך פאַרוואַנדלען אין ריין מענטשלעכן, ריין נאַציאָנאַלן זין און געפיל".

אויף פראָסט יידיש הייסט דאָס, ווייזט אויס, אַז מיר מוזן אַרויסנעמען, צי אַז מיר האָבן גאָר שוין אַרויסגענומען פון אונדזער נשמה דאָס געוויסן, וואָס האָט דאָרט געוואוינט ביז אַצינד און במקום דעם דאַרפן מיר זיך דאָרט אַריינזעצן, צי מיר האָבן זיך שוין אַריינגעזעצט אַן אַנדער, אַ גאַנץ ניי געוויסן. ער גייט אַפילו ווייטער און וואָרנט אונדז, אַז באם מיר וועלן אים נישט פאָלגן, באם מיר וועלן נישט גיין בזה הדרך, באם מיר וועלן בלייבן געטריי צו אונדזער אַלטן געוויסן און וועלן זיך ניט בוקן צום נייעם, וועלן — מיר נישט האָבן בייגעשטאַנען דעם נסיון...

דאָס איז, בקיצור, דער תוכן פון פוקס׳ טעאָריע און אַזוי זעט אויס די לאָגיק פון זיין קאָנצעפּציע.

באַשטייט דער נסיון, הייסט עס, אין דעם, צי מיר וועלן זיין שטאַרק גענוג צו זיין שוואַך גענוג, נישט בייצושטיין דעם נסיון; צי מיר וועלן זיין שטאַרק גענוג צו זיין שוואַך גענוג, אַוועקצוואַרפן דאָס אַלטע און זיך אָנצוטון אַ ניי, אַ שפּאָגלניי געוויסן.

איז מיר אָבער קשה.

ווייל געוויסן ווערט דאָך דווקא כאַראַקטעריזירט דורך זיין איינציקייט, דורך דעם עקשנות׳דיקן אויפהאַלטן אָט די איינציקייט. מען קען האָבן אַ גוט געוויסן, צי אַ שלעכט געוויסן; אָבער לעולם קען מען נישט האָבן קיין צוויי געוויסנס. אַ מענטש קען נאָר האָבן א י י ן געוויסן, פונקט ווי ער האָט נאָר א י י ן נשמה. אפשר אַפילו אין געוויסן נאָר אַ סינאָנים, אַן אַנדער וואָרט פאַר נשמה.

אמת, מען קען אַמאָל פאַרשטומפּיקן זיין נשמה, מען קען זי פאַרלירן, מען קען זי אַוועקוואַרפן, אין בלאָטע אַריין, אין אַ רינשטאָק ערגעץ, זי זאָל דאָרט פאַר׳עיפּוש׳ט ווערן, פאַרפוילט און פאַרפאַלן. מען קען אַמאָל אויך פאַרקויפן זיין נשמה, אָבער מען קען זי קיינמאָל נישט פאַרבייטן פאַר אַן אַנדערער. און אויף אייביק שוין טראָגט דער מענטש דאָס אחריות פאַר זיין נשמה, זיין איינאונאיינציקער נשמה, פאַר דעם ווען פון זיין אייביקן געוויסן. אָט אַזוי איז שוין דעם מענטשנס באַשטימונג, דאָס איז זיין כוח און זיין קרענק, זיין שטאָלץ און זיין שקלאַפעריי. אָט, מיט דעם קען אַ מענטש באַווייזן זיין גרויסקייט און זיין געמיינהייט, זיין שטאַרקייט און זיין שוואַכקייט.

איז טאַקע ווייטער קשה.

ווייל שטאַרק זיין אין שייכות מיט געוויסן, קען דאָך נאָר הייסן: שטאַרק זיין און עס נישט אַוועקוואַרפן, נישט „פאַרוואַנדלען", ווי פוקס רופט דאָס אָן

אויף אַ דעליקאַטנע אופן. און צו זיין שטאַרק שוואַך, הייסט נישט זיין שטאַרק, נאָר להיפוך, דאָס הייסט זיין גאָר שוואַך, גאָר גאָר שוואַך און שפּל׳דיק. דאָס וויל דאָך אָבער דער מחבר מסתמא נישט? וואָס־זשע דען וויל ער?

איז, קען מען פון זיינע מושגים טאַקע נישט פאַרשטיין, וואָס אייגנטלעך ער וויל און וויאַרום ער דערוועגט זיך נאָך, צו וואָרענען פאַר אַ נסיון פונעם יידישן געוויסן, דאָרט וואו ער אַליין פאַרלאַנגט בפירוש, וואו ער אַליין פאָ־דערט פון אונדז ממש, אַז מיר זאָלן אויפגעבן און אָוועקוואַרפן, פאַרבייטן און פאַרלייקענען און פאַרקויפן אונדזער געוויסן, אונדזער אייביק יידיש געוויסן.

אָט, אין דעם ליגט די גרויסע סתירה, דער אומבאַגרייפלעכער טעות פונעם מחבר, אויב מען פאַרנעמט זיך מיט זיין אויספיר אַפילו נאָר אויף אַ ריין לאָגישן אופן; הגם ס׳איז לחלוטין נישט לייכט צו בלייבן שכל׳דיק קיל לגבי די שוידערלעכע, פּראַקטיש־מאָראַלישע קאָנסעקווענצן פון אַזעלכע מיני אַנזיכטן, וואָס דער מחבר — און דאָס זאָגן מיר צו זיין כבוד — האָט זיך דערפון, ווייזט אויס, נישט אָפּגעגעבן קיין קלאָרן דין־וחשבון און זיי זענען נישט זיין אייגנטלעכער מיין.

ניין, מיר קענען בשום אופן נישט אָננעמען, אַז פוקס האָט אין דער אמת׳ן געהאַט בדעה, אויפצורופן דאָס יידישע פאָלק צו אַ מין קאָלעקטיוועד כפירה און אַז ער האָט אין ערנסטן געוואָלט אָפּ׳גט׳ן די כנסת־ישראל פונעם רבונו של עולם. אויף דערויף האַלטן מיר פוקס׳ן פאַר צו אינטעליגענט און — פאַר צו אַ גוטן ייד. אָבער דערצו קומט ער דאָך צו, אויב ער דעפינירט דעם ייד מיט דעם נייעם, דעם „פאַרוואַנדלטן" געוויסן, בכיוון, אַלס „ריין נאַ־ציאָנאַל" לגבי דעם ייד מיטן אַלטן געוויסן, וואָס איז געווען רעליגיעז־נאַציאָ־נאַל. איז דערפאַר זייער שווער זיך מתווכח צו זיין מיטן מחבר אויף אַ לאָגישן אופן, ווייל זיין גאַנצער פאַרנעם, זיין עצם געדאַנק איז, ווי מיר האָבן דאָ בולט באַוויזן, פון סאַמע אָנהויב אָן אַ דורכאויס, לאָמיר זאָגן, פּאַראַדאָקסאַלער.

אוודאי קען מען עס פסיכאָלאָגיש פאַרשטיין, וויאַרום אַ מענטש זאָל אַריינ־פאַלן אין אַזאַ צרה. מען קען פאַרשטיין, אַז נאָך דער טראַגעדיע, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט, זאָל אַ מענטש פאַרטומלט ווערן און אַרויסזאָגן מטושטש׳ע מחשבות. מען קען באַגרייפן, אַז נאָך דער קאַטאַסטראָפע זאָלן נעבעך מענטשן, פאַרמאַטערטע גלות־יידן נעבעך, זיך מיאש זיין אין זייערע ביזאַהעריקע דרכים און האָבן טענות צום בורא כל העולמים. פונדעסטוועגן, טאָר מען אָבער פאָרט פון זיך נישט אויסטון די נשמה טאַקע אינגאַנצן; סוף כל סוף האָבן מיר שוין געזען יידן, גוטע יידן און דווקא חסידים, וואָס האָבן געהאַט טענות צום באַשעפער, נו, איז וואָס? דער הייליקער בערדיטשעווער האָט זיך געהאַלטן אין איין האַמפּערן מיט כביכול און האָט אים אַפילו גערופן צון אַ דין־תורה, נו, האָט ער זיך דערמיט, חלילה, פון אים אינגאַנצן אָפּגעזאָגט?

אמת, מען קען אַמאָל גיין נאָך ווייטער, מען קען אַמאָל פאַרפאָרן אַזוי

וויט, אַז מען זאָל חלילה, איינגאַנצן אַראָפּ פונעם דרך און ווערן, חס ושלום, אַ כופר בעיקר... אָבער מיר מיינען נישט, אַז פוקס זאָל שוין האַלטן ביי אַזאַ מצב, אויב נאָר דערפאַר, וואָס ער איז בכוח צו שילדערן מיט אַזאַ באַגייסטערונג די פאַרגאַנגענע יידישע דורות מיט זייערע קדושים און מאַרטירער. אויב פוקס זאָל זיין דער גרויסער אַטעאיסט, דער רעוואָלוציאָנערער הימלשטורמער, וואָלט ער נישט געווען ביכולת צו שרייבן מיט אַזאַ אויפריכטיקן התלהבות וועגן אַ פאָלק, וואָס זיין גאַנץ חיות איז געווען מדור דורות דורכגעוויקט מיט אמונה, מיט דעם גלויבן אין אַ רעאַלן גאָט. אין אַזאַ פאַל וואָלט ער דאָך געמוזט זען אין יענע יידן נישט מער ווי אַ חברה טיפּשים. ווייל אַ מענטש, וואָס איז זיך מקריב פאַר גאָר נישט, פאַר אַן איינגערעדטער זאַך, אַזאַ מענטש איז נישט קיין מאַרטירער, נישט קיין קדוש, ער איז פּשוט אַ נאַר. מען טאָר אַפילו נישט אָנהויבן טראַכטן וועגן אַזאַ השגה, בפרט אין אונדזערע טעג, ווייל לויט דעם וואָלט מען דאָך געמוזט באַטראַכטן די אַלע ימים יידיש בלוט, וואָס זענען עד־היום שוין פאַרגאָסן געוואָרן, די אַלע קרבנות אונדזערע על קידוש־השם פאַר לחלוטין אומזיסט, פאַר אַ נאַרישקייט, חלילה...

די אויפגאַבע פון אונדזער אָפּרוף איז אָבער נישט, צו מאַכן פון פוקס'ן אַ בעל־מאמין; ס'איז גאָר די באַשיידענע בקשה, אַז פוקס זאָל נישט מאַכן פון יעדן ייד, וואָס איז אַ בעל־מאמין, אַ מין פאַררעטער, אַ בוגד, אַ מענטש, וואָס האָט נישט ביי־געשטאַנען דעם נסיון און דווקא דערפאַר, וואָס ער איז געבליבן געטריי און איבערגעגעבן צו זיין הייליקער איבערצייגונג.

עס זעט כמעט אויס, אַז פוקס מיינט, אַז וואָס מער ער שניידט אָפּ פונעם „רעליגיעזן", אַלץ מער וואַקסט צו צום „נאַציאָנאַלן" און — דאָס איז באמת מער ווי נאַאיוו. ווייל אויב מען שניידט אַוועק אַן אבר פון אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם, ווערן די אַנדערע אברים דערפון נישט שטאַרקער, נאָר שוואַכער, לייד דער גאַנצער אָרגאַניזם. איבער דעם דאַרף מען זיך גאָר נישט חקר'ענען. מיר חידוש'ן זיך נאָר, פאַרוואָס עפּעס האָט זיך פוקס פאַרלייגט דערויף, צו קאָנפיסקירן דעם בורא עולם אויסגערעכנט אין אַ צייט, וואָס נישט נאָר ביי די יידישע גרופּעס, נאָר אויף דער גאַנצער וועלט באַווייזן זיך גראָד איצט בולט'ע סימנים פון אַ שטאַרקער אויפלעבונג פונעם רעליגיעזן געדאַנק.

מען וואָלט געקענט האָבן נאָך אַ סך אַנדערע טענות צו פוקס'ן און מען וואָלט אים געקענט שטעלן נאָך אַ סך קשיות. מיר וועלן זיך אָבער באַנוגענען טאַקע נאָר מיט די וויכטיקסטע.

אָט מיינט ער, למשל, אַז אויף אַ „נאַטירלעכן, מענטשלעכן אופן איז די נאַציאָנאַלע שפּראַך העברעאיש". נו, איבער דער פראַגע וואָלט מען נאָך געקענט דיסקוטירן און מען האָט זיך טאַקע גענוג אָנדיסקוטירט. אָבער ווי געשיקט זיך דאָס, אַז אַ יידישער שרייבער זאָל, אין אַזאַ שייכות, נישט אַפילו מיט אַ וואָרט דערמאָנען זיין אייגענע כלי, די, מיט וועלכער ער באַנוצט זיך טאַקע

אויפֿן אָרט, דהיינו, די יידישע שפּראַך? דאָס איז, בפּרט אין דעם פֿאַל פֿון אַ רעפּרעזענטאַטיווען יידישן שרייבער, אַ סאָפֿיסטישער פֿאַרנעם, וואָס דערמאָנט שטאַרק אין יענעם באַרימטן משל פֿון דער גריכישער לאָגיק, לויט וועלכען אַ געווויסער אַטהענער האָט דערקלערט, אַז אַלע אַטהענערס זענען ליגנערס. אויב מ׳פּרואווט און שפּינט אויס די דאָזיגע מחשבה, קומט מען צו צון אַן אומענדלעכער סתירה, וואָס אין אונדזער פֿאַל האָט זי אַזאַ פּנים: פּוקס דערקלערט דעם יידישן פֿאָלק, ז י י נ ע יידישע לייענער — און דווקא אויף יידיש — אַז די יידישע פֿאָלק־שפּראַך איז — העברעאיש. דאָס, וואָס ער באַנוצט זיך מיטן וואָרט „נאַציאָנאַל“ מאַכט לחלוטין נישט אויס. „נאַציע“ איז נאָר דאָס פֿרעמדוואָרט פֿאַר — פֿאָלק.

און אין דעם שייכות טאַקע, וואָס דענקט פּוקס צו טון מיט די אַמעריקאַנער יידן? ס׳איז דאָך פֿאָרט אַ היפּשע פֿאָר מיליאָן יידן; ס׳איז דאָך פֿאָרט אַ לאַנד, וואו עס גייען אַרויס גרויסע יידישע צייטונגען, וואו עס דערשיינען גוטע יידישע ביכער; וואו זיינע, דעם מחבר׳ס אייגענע ווערק אַליין טאַקע וואָלטן דאָרט אפשר געקענט דערשיינען... ס׳איז דאָך פֿאָרט אַ לאַנד מיט ישיבות, תלמוד־תורה׳ס און „דזשואיש קאָלעדזשעס“. זאָל מען זיי אפשר אינגאַנצן „אָפּווישן פֿונעם פּנים פֿון דער ערד“? און וואָס דענקט ער צו טון מיט די סאָוויעטישע יידן? אויך אָפּווישן? און מיט אַלע אַנדערע, איבערגעבליבענע יידן, וואָס לעבן נאָך לעת־עתה אין גלות און וואָס דער גרעסטער שאָוויניסט אַפֿילו וועט נישט באַהויפּטן, צי אַפֿילו אפשר גאָר נישט וועלן, אַז זיי זאָלן זיך איבערפּעקלען מיט אַמאָל אַהין, קיין פּאַלעסטינע. ס׳איז דאָך פֿאָרט אַן ערך 12 מיליאָן יידן אָדער — לויט דער פּוקס׳ישער סטאַטיסטיק, אַז 8 מיליאָן יידן זענען אויסגעה׳רג׳עט געוואָרן — לכל־הפּחות 10 מיליאָן יידן, וואָס נויטיקן זיך אין אַ יידישער קולטור אין גלות. (אגב־אורחא פּרוכפּערן און מערן זיך עפּעס לעצטנס ביי אונדז די צאָלן פֿון די אומגעקומענע יידן מיום ליום. עס וואָלט געווען אַ טשיקאַווע זאַך, צו דערגיין דעם טעם דערפֿון. נאָך וואָס דאַרף מען עפּעס די טעג אַלץ מער און מער קרבנות?)

און ווייטער, קאָכעט ער זיך שטאַרק אינעם וואָרט „נאָרמאַל“. מיר יידן זענען אַבנאָרמאַל און מיר דאַרפֿן ווערן צוריק נאָרמאַל און דאָס הייסט, ביי פּוקס׳ן, אַז מיר זאָלן „געגליכן זיין צו אַלע אַנדערע פֿעלקער פֿון דער וועלט“, וואָס זיי זענען עס, הייסט עס, נאָרמאַל. איר פֿאַרשטייט אַ מעשה? מיר זענען נישט נאָרמאַל, אָבער די דייטשן, די איטאַליענער, די יאַפּאַנער, זיי אַלע זענען נאָרמאַל. די גאַנצע וועלט־געשיכטע, וואָס איז כמעט דורכאויס אַ געשיכטע פֿון קאַטאַסטראָפֿעס, איז נאָרמאַל. דזשינגיסקאַן איז נאָרמאַל, נאַפּאָלעאָן מיט זיינע אַרמייען איז נאָרמאַל, דאָס ערד־ציטערניש אין סאַן־פֿראַנציסקאָ איז נאָרמאַל און דער טעכנישער פּראָגרעס, וואָס האָט אונדז באַשערט די אַטאָם־באָמבע איז אויך נאָרמאַל. נאָר מיר יידן, נעבעך, בפּרט, בעת מיר זענען גע־

זעסן בשלום אין אונדזערע ישיבות און תלמוד־תורה׳ס און האָבן זיך פאַר־טיפט אין די אמת׳ן פון גאָט, מיר זענען עס אַבנאָרמאַל....

אָט, מיט אַזעלכע לייכט פּאַרטיקע באַהויפּטונגען שטיצט דער מחבר זיי־נע פּאַראַדאָקסאַלע פאָדערונגען, דערהויפּט אָבער מיט דעם טרויעריקן פאַקט, אַז דאָס פּוילישע יידנטום איז אונטערגעגאַנגען, אַז זיינע הייליקע קהילות וועלן זיך, לויט פוקס׳ס נביאות, שוין קיינמאָל מער נישט דערהויבן און אַז די אַלטע יידישע פאָרמען קענען שוין קיינמאָל מער נישט אויפלעבן אויפס׳ניי.

נו, איז וואָס ? איז דערפאַר די אידייע טויט ? קען אַן אידייע בכלל שטאַרבן ? ווייסט דער מחבר נישט דערפון, אַז אַן אידייע איז, אין זיך אַליין, אומשטאַרבלעך, אַז זי איז אייביק ? און אייביק איז און בלייבט די אי־דייע פון אונדזער גאָט, פון אונדזער יידישן גאָט, אויב אַפילו אַ טייל פון זיינע עדות זאָלן נישט מער זען די ליכטיקע שיין. און אויב עס זאָל אַפילו נאָר אי־בערבלייבן, חלילה, אַ גאָר קליינע עדה יידן, איז דערמיט דער גלויבן אַלץ נאָך נישט אונטערגעגאַנגען, ווייל מיר קענען קיינמאָל נישט אָפּשאַצן, וואָס פון אַ זאַמען־קערנדל קען אַמאָל אַרויסוואַקסן.

אמת, די אַלטע פאָרמען זענען טויט, אָדער כמעט אויסגעשטאָרבן. איז וואָס ?

צי האָבן זיך יידישע פאָרמען נישט שוין געביטן צוואַנציק מאָל במשך פון דער יידישער געשיכטע ? איז משה רבינו געגאַנגען אין אַ זשופּיצע און מיט אַ שטריימל ? איז דוד המלך געגאַנגען אין ווייסע זאָקן און מיט אַ זיידענעם גאַרטל ?

אמת, די אַלטע פאָרמען זענען כמעט אינגאַנצן פאַרשוואונדן געוואָרן און עס זענען אפשר קוים נאָך פאַראַנען יידן, וואָס זאָלן ווייַנען דעריבער, הגם עס וואָלט געווען, אויף וואָס צו וויינען. אָבער נישט פאַרשוואונדן געוואָרן איז די אידייע! זי איז נישט אומגעקומען, נישט טויט; זי לעבט און אָטעמט און וועט אי״ה אַרויסברענגען נייע פאָרמען, אַ נייעם אויסדרוק פאַר דעם אַלטן, ווייל אייביקן תוכן.

מיר אָבער, מיר יידן פון דער איבערגאַנגס־תקופה, פאַר וועלכע די אַל־טע פאָרמען זענען טויט און די נייע נאָך נישט געבוירן, מיר שטייען היינט אין דער אמת׳ן פאַר אַ גרויסן נסיון. מיר שטייען פאַר דעם געפערלעכן נסיון, אָדער איבערצושניידן דאָס גילדענע באַנד פון אונדזער געשיכטע, מבזה צו זיין די מיליאָנען קרבנות על קידוש־השם, צו פאַרלייקענען די ימים פון פאַר־גאָסן יידיש בלוט, אָדער צו האַלטן זיי בכבוד, צו בלייבן געטריי צו אונדזער געוויסן, דעם יידישן געוויסן, דעם ווויסן פון אונדזער אייביקן גאָט!

# מאדערנער שולחן־ערוך

דא אגומלט, שבת־צו־נאכט, טרעף איך מײנעם א גוטן פרײנט, א ליטעראט, א פילאזאף, א „ביבלקריטיקער", אײנעם פון יענע חריפים, פאר װעלכע עס זענען נישט פאראנען קײנע סודות און קײנע גרענעצן אין דעם עולם ומלואו. דערפאר איז ער טאקע שױן אריבער די גרענעץ, האלט ער שױן ערגעץ גאר װײט, אזש פאר בריאת־העולם. ער שװימט ארום אין שטח, װי אונדזער אײנער אין הײמישן טײך. ער װארפט ארום מיט אסטראנאמישע ציפערן, װי א ײנגל מיט א פוס־באל. אין געאלאגישע פעריאדעס קען ער זיך בעסער אױס, װי איך אין מײן געסל און א מיליאן יאר איז פאר אים, װי א שנאל מיטן פינגער.

איז, אײדער מיר האבן זיך רעכט אפגעגעבן שלום, זענען מיר שױן געװען פארכאפט אין א שמועס װעגן רעליגיע, נביאים, שולחן־ערוך, בפרט אבער שולחן־ערוך . . . װעט איר פרעגן, פארװאס עפעס דװקא שולחן־ערוך? פארװאס ניט גמרא, א תוספות? איז שװער אױסצוטײטשן. מיר זענען דאך ײדישע שרײבערס, קען מען דאך עפעס נישט, הכלל, אזױ איז דאס . . . און אײדער איך האב נאך אױספײעט אױפצועפענען דאס מױל, האט ער מיר שױן געהאט באװיזן, על רגל אחת, אז דער גאנצער שולחן־ערוך איז אן אפגעבליאקעװעטער עניך, אלט־מאדישער, פארשימלטער אבערגלױבן; אז דאס אפשטעלן זיך אױף „אזעלכע קלײניקײטן" קרעמפעװעט נאר אין דעם פרײען, מענטשלעכן כאראקטער, אז דאס פארקרומט דעם גײסט, פארקריפלט די נשמה און מאכט פון א נארמאלן מענטש א זעלישן הױקער, א פסיכאפאט . . .

„װאס גײט איר מיר דערצײלן?" האט ער פארענדיקט זײנע טענות, הגם איך האב נאך נישט געהאט ארױסגעלאזט די פארע פון מױל. „דאס הײסט בײ אײך אן עניך? ארײנצוטראכטן אין דעם, װעלכן שוך מען דארף אנטון פריער? צי װעלכן זאק ארױפציען צוערשט? צי װעלכעס שוך־בענדל מען זאל צושנירן קודם? אט, װעגן אזעלכע פוסטע זאכן זאל מען זיך בױערן דעם קאפ, דארן דעם מוח, אנװערן זײן צײט? פע, טאקע פע, פאסקודסטװע, נארישקײטן . . ."

איך האב אים, פארשטײט זיך, תיכף געװאלט אפענטפערן. איז ער מיר אבער פלוצים נעלם געװארן, פארשװאונדן, װי ארײנגעזונקען אין דר'ערד אריין. ער האט מיך איבערגעלאזט מיטן אפענעם מױל, א געפלעװעטן, א צערודערטן, מיך געלאזט שטײן, איך בעט איבער אײער כבוד, טאקע פשוט, װי... און ס'האט מיך שטארק געפערעט.

דאס איז געװען שבת־צו־נאכט.

דעם אַנדערן מאָרגן, זונטאָג, קויף איך מיר, ווי געוויינטלעך, אַן ענגלי־שע צייטונג, אַ גראָבן זונטאָג־נומער. איך מוז אַפילו מגלה זיין וואָספאַראַ צייטונג דאָס איז געווען און דעם דאַטום פונעם בלאַט אויכעט. ווייל דאָס ווייזט מיר אויס זייער וויכטיק; אויף דעם שטייט, דאַכט זיך מיר, מיין גאַנצע מעשה.

ס'איז געווען דער „סאַנדי דיספּעטש" פון זונטאָג, דעם 26־טן מאַי, 1946. לייען איך דאָרט אַ גרויסן אַרטיקל וועגן דעם „וויאַזוי מען דאַרף פּלאַנעווען זיין טאָג". דער מחבר פונעם אַרטיקל איז אַ מאָדערנער מענטש, אַ מיטגליד פונעם ענגלישן פּאַרלאַמענט און, ווייזט אויס, דווקא נישט קיין שוטה. איז, ווייל ע ר אויסלערנען דעם עולם, מיט אַ סעריע אַרטיקלען, וויאַרום מען קען מצליח זיין אין לעבן, ווערן אַ „סוקצעס". צוליב דעם, טענה'ט ער, דאַרף מען „פּלאַנעווען דעם טאָג". מען דאַרף, זאָגט ער, לעבן מיט אַ סדר און נישט פאַר־לירן קיין צייט מיט די קליניקייטן פון טעגלעכן לעבן. און כדי נישט צו פאַר־לירן קיין צייט, דאַרף מען, זאָגט ער בפירוש, זיך נישט הייען איבער דעם, וועלכן שוך מען זאָל אַרויפציען קודם, נאָר — מען דאַרף וויסן פאָרויס, טאַקע תיכף ומיד, וועלכן שוך מען גייט אָנטון פריער. איז ער אָבער אַ גוי, (צי אפשר אַפילו אַ ייִד) און קען נישט קיין שולחן־ערוך, גיט ער צו ווערטלעך אַזוי:

עס שפּילט ניט די גרינגסטע ראָלע, צי טוט איר אָן דעם רעכטן שוך פריער, צי דעם לינקן. אָבער עס שפּילט אַ גאָר גרויסע ראָלע, איר זאָלט שטענדיק אָנטון דעם ג ל י י כ ן שוך פריער און נישט פאַרלירן, קיין רגע אַפילו, מיט „ספקות".

איז, קודם כל, אַזוי. קודם כל ווייזט אויס, לויט דעם ענגלישן אַרטיקל־שרייבער פון זונטאָג, דעם 26־טן מאַי, 1946, אַז דער שוך־און־זאָקן־ענין איז פאָרט נאָך אַן ענין און — אַ מאָדערנער ענין דערצו.

דער מאָדערנער מענטש, דער געיאָגטער, געהעצטער, נערוועזער מענטש פון אונדזער תקופה, דער תקופה פון געשווינטקייט, האָט אַנגעוואוירן זיין ממשלה איבער דעם לעבן. שטענדיק נייע וויסנשאַפטלעכע אויפטועכצן, נייע טעכנישע דערגרייכונגען, שטענדיק זיך בייטנדיקע נייע מאָדעס האָבן פאַר־שטערט דאָס גלייכגעוויכט פון זיין נשמה און דערמיט דעם רואיקן, כסדר'דיקן אָפּלויף פון זיין טאָג. ווייל די אַנטוויקלונג פון דער נשמה, פון דער עטישער פערזענלעכקייט, וואָס איז, בטבע, אַ לאַנגזאַמע, אַ שטילע, אַן אָרגאַנישע, האָלט נישט קיין שריט מיט דעם רעש'יקן בליץ־טעמפּאָ פון אונדזער צייט.

פון אָט דעם צושטאַנד, פון דער דיסאַנאַנץ צווישן דער מענטשלעכער נשמה און דער מעכאַניזירטער צייט, נעמען זיך אויך דאָס רוב נערוועזע דער־שיינונגען, פּסיכישע קראַנקהייטן, וואָס אונדזערע פּסיכאָ־פּאַטאָלאָגן און אַנאַ־ליטיקער וויסן דערפון צו זינגען און צו זאָגן.

אגב אורחא איז דאָ אויך אפשר דער מקור פון יענעם סאָרט אַזויגערופע־נער פּאָפּולער־וויסנשאַפטלעכער ליטעראַטור, וואָס זאָגט צו דעם לייענער,

פאַר אייניקע גראַשן, אַ „זיכערן סיסטעם" אויף צו ווערן רואיק, צו ווערן ענער־גיש, זיך צו באַהערשן, אויף אויסצוהיילן זיין קאָפּ־ווייטיק, צו רעגולירן זיין שטול־גאַנג און צו פאַרריכטן זיינע סעקסועלע שטערונגען.

אַלץ דאָס איז אַ רמז, אַז דער מאָדערנער מענטש פילט דאָס באַדערפעניש — און אפשר אַ סך שטאַרקער, ווי דער מענטש פון אַ פריערדיקער תקופה — זיך צו דיסציפּלינירן, זיך ערגעץ־וואו צו שטיצן, זיך אָנצוהאַלטן ביי אַ כלל, ביי אַ סדר, ביי אַ נוסח, כדי נישט אַרונטערצופאַלן אונטער די רעדער פון דער ברויזנדיקער צייט.

אוודאי, אויב די נשמה וואָלט געהאַט די אויבערהאַנט, וואָלט זי ממילא מסדר געווען די טעגלעכע לעבנס־דערשיינונגען, די פּילפּאַכע נויטיקייטן פונעם טאָג און זיי צוגעפּאַסט צו אירע באַדערפענישן. אַזוי ווי די זעלישע פּאָטענץ פון דעם מאָדערנעם מענטש איז אָבער אַ פאַרשוואַכטע, איז ער געקומען צו דער מסקנא, אַז מען דאַרף לעבן נאָך אַ באַשטימטן אויסערלעכן סיסטעם, בפרט אין שייכות מיט די „קליינע" ענינים פון טאָג. דערביי באַווייזט ער אַפילו זייער אַ געזונטן חוש. ווייל דווקא, אַט די קליינע ענינים זענען עס די וויכטיקע, אפשר די וויכטיקסטע פונעם מענטשלעכן לעבן, שוין דערפאַר, ווייל זיי חזר'ן זיך איבער טאָג פאַר טאָג. וויסנשאַפטן קומען און פאַרגייען, טעכני־שע דערגרייכונגען פון היינט ווערן איבערטראַפן פון בעסערע מאָרגן. אָבער עסן אַ שטיקל ברויט, טרינקען אַ גלעזל טיי, אָנטון אַ מלבוש און — במחילה — גיין אין בית הכסא, אַלע די פּשוטע זאַכן פון דער גאַנצער וואָך, אַט זיי זענען עס די אמתדיק חשובע, די אייביקע ענינים, אייביק ווי די זון און די לבנה, ווי די געבורט און ווי דער טויט. דערפאַר דאַרפן מיר האָבן אַ באַ־שטימטן, אַ זיכערן צוגאַנג צו זיי. דאַרפן מיר אַ „רוטינע", ווי מען רופט עס.

וואָס אָבער איז דער שולחן־ערוך, אויב נישט אַ רוטינע, די לעבנס־רוטי־נע פונעם יידישן מענטש?

אויף אַזוי וויט איז, ווייזט אויס, דער שולחן־ערוך מאָדערן, און דער גאַנצער חילוק באַשטייט, הייסט עס, נאָר אין דעם, וואָס דער מאָדערנער, דער מ'כלומרשט פרייער מענטש, האָלט ערשט ביים אויסטראַכטן אַ סיסטעם, צי מיינט גאָר, אַז יעדער איינער זאָל זיך האָבן זיין סיסטעם, זיין „אייגענעם שולחן־ערוך", בעת ביי אונדז יידן איז ער שוין פאַראַנען; אַז דער מאָדערנער מענטש טראַכט זיך צוצושעפּן צו עפּעס אַ געוואוינהייט, אַ נוסח, אַ מעכאַנישער פאָרמעלע, אַבי נאָר צו געווינען אַ שטיקל אָנהאַלט, בעת ביי אונדז איז דער נוסח שוין פאַראַנען, באַשטייט ער שוין צייט הונדערטער יאָרן, שטייט ער גרייט, אַ צוגעגרייטער טיש, טאַקע נאָר זיך צוצוזעצן צו אים...

מיט וואָס אָבער, פרעגן מיר דערווייל גאַנץ אַלגעמיין, זאָל דער אַלטער יידישער פאַרנעם זיין הינטערשטעליק לגבי דעם מאָדערנעם?

אויב די כוונה איז, אַז פון אַ זאַך זאָל ווערן אַ געוואוינהייט, אַ הרגל, אַ

פעסט פאַרפונדעוועטער נוסח, וואָס זאָל קענען בייקומען די שטורעמדיקע כוואַליעס פון זיך שטענדיק בייטנדיקע צייטן, אויב אַ זאַך דאַרף ווערן אויף אַזוי וויט איינגעבאַקן אין בלוט און אין די ביינער, אַז דער מענטש זאָל זיין ביכולת, צו טון די זאַך אָן איבערלעגונג און כמעט ווי אומבאַוואוסט, „כדי נישט צו פאַרלירן, קיין רגע אַפילו, מיט ספקות", איז דאָך זיכער לייכטער מקיים צו זיין אַזאַ כוונה, אויב מען גייט דערביי נאָך אַן אַלגעמיין אָנגענומענעם וועג, אַ באַשטימטער, פיקסירטער שיטה, כמעט וויל זיך זאָגן, אַ קאָנווענציאָנעלן דרך. ווייל די אידייע פון ראַציאָנאַליזירן, פון פלאַנעווען, מיינט דאָך ממילא „צוגרייטן" ; איז, אויב צוגרייטן, וואָס קען זיין באַקוועמער, ווי אַ צוגעגרייטער טיש? בפרט, אַז דער טיש איז געוואָרן געפלאַנעוועט און אויפגעבויט און צוגעגרייט אויף דעם סמך פון וויסן, אָנגעזאַמלט במשך פון הונדערטער, פון טויזנטער יאָרן און דורך פערזענלעכקייטן, וועמענס פסיכאָלאָגיש חריפות האָט אַריינגענומען אין חשבון אַריין, סיי דעם מענטשלעכן כאַראַקטער בכלל, סיי דעם יידישן פאָלקס־כאַראַקטער בפרט.

אויב דאָס זאָל זיין דער גאַנצער חילוק צווישן אונדז און זיי, איז דער חסרון זיכער נישט אויף אונדזער זייט!

איין חילוק (און אַ גרויסער דערצו) צווישן אונדזער סיסטעם און דעם מאָדערנעם, איז אָבער יאָ פאַראַן. בעת דער ניט־ייד בויט אויף אָדער שטרעבט אויפצובויען זיין סיסטעם אויף אַ ריין צופעליקן, אַ מעכאַנישן יסוד, אויף דעם צופעליקן אַנטשלוס, למשל, אָנצוטון איין מאָל פאַר אַלע מאָל, דעם רעכטן, צי דעם לינקן שוך פריער, בינט דער יידישער סיסטעם צו זיינע דינים צו דער תורה, צו אַ רעליגיעזן שורש, צו אַן עטישן באַגריף, צו אַ מאָראַלישער אידייע און ער זאָגט, אַז עס מוז דווקא זיין דער רעכטער שוך. דערמיט באַקומט זיין סיסטעם תיכף אַ רעליגיעזן כאַראַקטער און ווערט — אַ רעליגיעזער חיוב, אַן עטישער אימפעראַטיוו. און אָט דאָס, דאָס מחויבדיקע, דאָס זיך־פאַרפליכטן, אָט דאָס שטערט דעם מאָדערנעם פרייהייטלעכן גייסט אפשר מייסטנס, הגם מיט דעם התנגדות איז ער סותר זיין אייגענע שטרעבונג. ווייל צו וועלן מאַכן פון אַ זאַך אַ שטענדיקע, הייסט דאָך ממילא, זיך מתחייב זיין צו איר. וואָס אָבער קען מער מתחייב זיין, ווי אַ רעליגיעזע אידייע, ווי די השערה, אַז דאָס איז אַן אומבאַדינגטע נויטיקייט, בקיצור אַ מאָראַליש התחייבות. אַזאַ השערה איז דאָך זיכער שטאַרקער, אויף צו פאַרפעסטיקן אַ סיסטעם, ווי עפעס אַ צופעליקע, גלייכגילטיקע פאָרמעלע, צי אַפילו אַן אויסגעמאַנצלטע פסיכאָלאָגישע אויבער־חכמה.

בלייבט נאָך צום סוף, ווי ביים סוף פון אַ יעדער טיפערער חקירה, די טענה געגן רעליגיע בכלל. זיך אַריינצולאָזן אין דער טענה בין איך אָבער דורכאויס ניט אויסן, לכל הפחות, ניט אינעם ראַם פון דעם דאָזיקן עסיי. מיטן רב׳שע וועט זיך מיין ביבל־קריטיקער שוין מוזן אַליין פאַרגלייכן. פאַר אונדז

אַנדערע אָבער איז בולט, אַז מיט דעם צובינדן דעם מענטשנס מעשים צו אַ גייסטיקן מקור, פֿאַרפֿולט זיי דער ייִדישער פֿאַרנעם מיט אַ באַדייטנדיקן תּוכן, גיסט ער אין זיי אַריין אַ טיפֿערן באַטייט, מאַכט ער פֿון אַ מעכאַנישן סיסטעם אַ לעבעדיקן אָרגאַניזם, דערהויבט ער די „קליינע ענינים‟ צו אַ העכערער מדרגה. בקיצור, איז ער גורם מיטן רעכטן שוך אַ מאָראַלישן אַקט און מיטן לינקן שוך־בענדל אַן עטישע טאַט.

# די חידוש׳דיקע פריזמע

## א נייע מין מעשה לכבוד חנוכה

ס׳איז אַ משונה זאַך... ביזן היינטיקן טאָג איז מיר אַלץ נאָך ניט קלאָר געוואָרן, אין וואָס אייגנטלעך באַשטייט די זכיה פון אַ דיכטער, דער יחוס פונעם פּאָעט...

אויב דער עיקר דערפון זאָל זיין דער כוח פון המצאה, דאָס וואָס מען רופט אָן דעם „פּאָעטישן כוח הדמיון״, ווייזט מיר אויס, אַז דער עולם איז אַ ביסל מגזם דעם ווערט פון פּאָעזיע און פון שריפטשטעלעריי בכלל. ווייסט דאָך אַ יעדער, אַז דאָס לעבן איז ס׳רוב מאָל רייכער, אינטערעסאַנטער און שפּאַנענדיקער פון אַ גאַנצער ביכער־שאַפע ראָמאַנען; אַז עס קניפּט זיינע פּעדעם פאַנטאַסטישער, זיינע אינטריגעס קונציקער פון די קאָמפּליצירטעסטע דעטעקטיוו־געשיכטעס; אַז זיינע טראַגעדיעס זיינען טראַגישער, זיינע קאָמעדיעס קאָמישער פון די אויסגעפּיינטע שאַפונגען פונעם דראַמאַטישן זשעני...

און ווייטער, פאַרגעסט ניט, איז דאָס רעאַלע לעבן וויניקער גע׳מלאכה׳ט, ס׳איז עכטער, לעבעדיקער ווי די ליטעראַטור. דאָס לעבן, די נאַטור איז — נאַטירלעך — אַ סך נאַטירלעכער...

אם כן, אין וואָס־זשע באַשטייט דער אויפּטו פונעם דיכטער? און נאָך וואָס עפּעס בכלל פּאָעזיע?

אויב ווידער די אייגענע המצאה זאָל ניט זיין דער עיקר, אויב פּאָעזיע גיט נאָר איבער, וואָס דאָס לעבן לאָזט אויפשפּראָצן און פאַרשפּרייט, ווי אַ רייכער פאַרשווענדער, פאַר אונדזערע שטוינענדיקע בליקן, אויב דער חוב פונעם דיכטער באַשטייט נאָר אין דעם צונויפקלויבן דאָס עשירות, אין דעם איבערגעבן די בשורה — כמובן מיט פּאַסיקע, מיט שיינע, געשליפענע, פּאָעטישע ווערטער — קען איך אין דעם אויך ניט דערזען קיין באַזונדער חשיבות...

ווייל וואו געפינט זיך דאָס געדיכטע, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכן מיט זיין שיינקייט צו דער מעלאַנכאָלישער שיינקייט פון אַ בין־השמשותדיקן הימל, בעת ער לייכט מיט דעם אומפאַרגלייכלעכן, טיף־אומעטיקן ליכט פון אַ בלייכן, טראַנספּאַרענטן אָפּאַל?... וואו איז דאָס לירישע בילד, וואָס זאָל דערגרייכן דעם גלאַנץ פון דער אמת׳ער לבנה, וואו זענען די שורות און גראַמען, וואָס פאַרמאָגן די פאַרבן, דעם גלאַנץ און דאָס פייער פון דער ממשותדיקער זון,

בעת זי גייט אונטער אין אַ ים פון בלוטיק רויטע, מעשן גילדענע, טונקל גע־פלעקטע, קופּערנע קאָלירן?...

ניין. מיר ווייזט אויס, אַז עס מוז זיין עפּעס לחלוטין אַנדערש, אַ לחלוטין אַנדערער כוח, וואָס טיילט צו דער פּאָעזיע תוכן און טעם, ליכט און גלאַנץ און פייער און יענע אומבאַשרייבלעכע שיינקייט, וואָס שיינט מיט דער שיין פון אַן אַנדערער וועלט...

עס איז פאַרהאַנען אַ פּריזמע, אַ בריליאַנטירט גלאָז, וואָס, קוקנדיק דורך אים, ווייזט אַלצדינג אויס צו שטיין אין אַ כשוף׳דיקן ליכט, אין אַ ליכט, דימענט־קלאָר ווי דער אמת און דערביי פאַרביק און פליסנדיק, ווי דער געשליפענער שטיין, אויב מע דרייט אים אַרום, כדי צו באַוואונדערן זיין וואַסער, כדי צו דערכאַפּן דאָס פייער פון זיינע פלימערנדיקע פלעכן... און די פּריזמע הייסט דת, אמונה, גלויבן...

אויב אַ דיכטער באַקוקט אַ געגנשטאַנד דורך אָט דער פּריזמע, איז קיין חילוק ניט, צו וואָס ער קערט זיך צו, אין וואָס ער איז עוסק. עס מעג זיין אַ ווינציקער וואַסערטראָפּן און קען זיין דער שוימענדיקער, ווילד צעקאָכטער ים. עס קען זיין אַ קליין חנוכה־ליכטל אָדער דאָס ווייטע געצעלט פונעם אויסגע־שטערנטן הימל. אַלצדינג, אַלצדינג שיינט און שימערירט אין דעם צויבערישן ליכט פון דער חידוש׳דיקער פּריזמע...

דער גלייביקער דיכטער דאַרף דערפאַר ניט קיין שום פאַנטאַזיע, ער דאַרף ניט קיין אויסגעטראַכטע זאַכן. די טעמעס זיינע ליגן אויף דער גאַס, וואַלגערן זיך אַרום אויף די שטראָזן. זיי ווינקען אַפּיר פון אונטער יעדן לאַמ־טערן, זיי שטעלן זיך אויף פּאַר אים ביי יעדן שריט; זיי וואַרפן זיך אים ממש אַנטקעגן, ער דאַרף זיי טאָקע נאָר אויפהויבן...

איך אַליין, למשל, בין אַ שרייבער מיט גאָר ווייניק כוח־הדמיון.

און היינט, ערב־חנוכה, בעת אַ יידישער שרייבער איז מחויב צו שרייבן אַ חנוכה־מעשה, איז מיר, ווי אויף צו להכעיס, דעם גאַנצן טאָג גאָר ניט איינ־געפאַלן, אַ חוץ די אייניקע שטריכן וועגן פּאָעזיע און אַז, אין תוך, איז גאָר קיין קונץ ניט, צו געפינען אַ טעמע...

כאָפּ איך טאַקע אויף די דאָזיקע טעמע מיט דער כוונה אייך צו ווייזן, וויאַזוי זי נעמט זיך אויס אין דעם דערמאָנטן ליכט, וויפל און וואָספאַראַ מעג־לעכקייטן זי גיט עס צון אַ שרייבער, בקיצור, איך וויל ניט דווקא אָנשרייבן אַ מעשה, איך וויל מיך נאָר פּרוּאוון צו ווייזן, וויאַזוי מען שרייבט, דאָס הייסט, וויאַזוי עס שרייבט זיך...

איז דאָ אָנומעלט באַגעגנט איך מיך מיט מיין פריינט אליה באַך... הויבט מען אָן טענה׳ן, חנוכה, חנוכה־ליכטלעך, מכבים, ציוניסטן... רוקט ער מיר אַריין „מי כמוך באלים י״״... צי איך אים ביי דער צונג, הויבט ער אָן צו דערציילן...

איז, הייסט דאָס, דער מחבר גאָר אליה באַך און איך גיב דאָס נאָר איי־בער זיינע אַ מעשה . . . דאָס הייסט, אין דער אמת׳ן, איז יענער אויך ניט דער מחבר. ס׳האָט זיך אים אַפילו ניט געחלומט, ניט די נאַכט, ניט יענע נאַכט, אַז אין דעם שמועס, וואָס מיר האָבן פאַרפירט, זאָל גאָר זיין פאַרבאָרגן אַ מעשה׳לע. ער האָט פּשוט גערעדט, מיר דערציילט אַן אַנעקדאָטע פון זיין לעבן. אַזעלעכס קען מען פאַרנעמען צען מאָל אין טאָג . . .

און אויב איר ווילט טאַקע וויסן מיין אייגנטלעכן מיין, האַלט איך, אַז ס׳איז בכלל ניט פאַרהאַנען קיינע אָריגינאַלע דיכטערס ; אַז ס׳איז פאַרהאַן נאָר א י י ן גרויסער דיכטער, איין שר אונטער די משוררים און אַז מיר אַנדערע, גרעסערע צי קלענערע שרייבערס, מיר זענען נאָר די גריפלען, די שרייבפּענדלעך, וואָס די דיכטער־מאַיעסטעט איז אונדז מכבד, זיך דערמיט צו באַדינען . . .

אליה באַך קענט איר אודאי און — איר זענט דורכאויס גערעכט, אויב איר מיינט, אַז ס׳איז ניטאָ איבער אים אַ סך צו ריידן . . .

אַ יונגערמאַן, אַ פיין געשניטן, בלייך פּנים, אַן איידעלע יידישע צורה, אַרומגענומען מיט אַ לאַנגער שוואַרצער באָרד און — פּשטות, זייער אַ סך פּשטות, איך מיין, דאָס מין פּשטות, וואָס מען טרעפט צומאָל ביי אַ טייל פון די אמת׳ע בעלי־מאמינים . . .

מיר, איך מיין טאַקע מ י ר , שטרעבן אפשר אויך צו פּשטות. און איי־ניקע פון אונדז גיט זיך עס אַפילו איין אים צו דערגרייכן, נאָך צענדליגגער יאָרן, אַז די כוחות לאָזן זיך אויס, אַז דאָס מערדערישע לעבן מיט זיינע תאוות, טעות׳ן און עבירות האָט שוין אַריינגעשניטן טיפע קאַרבן אין אונדזערע פאַרוויסטע פּנימער און דער טרייב צום יצר־הרע איז געוואָרן פאַרשוועכט . . .

אָבער דאָס קער אייגנטלעך ניט גאַנץ צו דער מעשה. דאָס איז נאָר גע־ווען אַ פלאַקער אַזאַ אין דער אומרואיקער, צאַפּלדיקער פריזמע . . .

אייניקע פון זיינע באַקאַנטע האָבן זיך זייער געוואונדערט, ווי זיי זענען געוואָר געוואָרן, אַז דער גאַנצער פאַרשוין איז סך־הכל דרייאונצוואַנציק יאָר. זיי, איך מיין, מיר מיט פערציק, פופציק און אַפילו זעכציק יאָר, האָבן מיר ניט קיין סימן, קיין זכר פון אַ באָרד און דאָ, מיט דרייאונצוואַנציק, אַ באָרד, אַ לאַנגע, אַ געדיכטע, אַ שיינע שוואַרצע באָרד, אַן אמתער הדרת פּנים . . .

יאָ מיר, מיט דרייאונצוואַנציק זענען מיר געווען, אין בעסטן פאַל דאָס, וואָס די דייטשן, ימח שמם וזכרם, רופן אָן מיט דעם נאָמען „שטורם און דראַנג״־בחורים. יענע בערד אָבער, לכל־הפּחות אייניקע פון זיי, האָבן אין די יאָרן שוין געהאַט אונטער זיך אַ גוטן שטיק מהלך וועגס אויף יענעם לאַנגן דרך, וואָס פירט צום לעצטן תכלית . . .

אגב אורחא איז דער אליה באַך געבוירן געוואָרן אין ווין, וואָס דאָרט, כמו בכל תפוצות ישראל, זענען יידישע בערד שוין לאַנג אַרונטערגעפאַלן

אונטער דער קליינער, שאַרפֿער גילאָטין פֿון מאָדערנער עמאַנציפּאַציע...
(דער פּשט פֿון דער געשליפֿענער מליצה איז פּשוט, אַז יידן פֿון דער גאָרער וועלט זענען זיך נוהג היינטיקע צייטן אָפּצוגאָלן זייערע בערד מיט ראַזיר־מעסערס... מ'איז דאָך אָבער אַ שרייבער, ציט עס בעל־כּרחו צו שרייבן אויף שרייבער־לשון)...

איז אָבער אונדזער אליה געווען אַ פּאַרקערטער אַנטלאָפֿענער ישיבה־בחור, דאָס הייסט, ער איז אַנטלאָפֿן צו פֿופֿצן יאָר פֿון אַ ווינער גימנאַזיע צון אַ פּוילישער, מעריב־גאַליצישער ישיבה, מיט דער כּוונה צו ווערן אַ פּשוטער, אַ גאַנצער יידישער ייד טאַקע פֿון סאַמע אָנהויב אָן... אייגנטלעך גאַנץ אינטערעסאַנט אָט די פּשוטע, נאַאיווע מאמינים, וואָס מיר, די אינטערעסאַנטע מחברים זענען זיי מכבד מיט אונדזער באַשרייבונג...

דאָס לעבן אין דער ישיבה האָט ניט געבראַכט קיין סך שינויים, קיין שום סענזאַציאָנעלע פֿאַרענדערונגען, אַ חוץ, פֿאַרשטייט זיך, די טעגלעכע סענזאַציעס פֿון אַ נייער סוגיא, פֿון אַ געפּעפּערטן פּלפּול איבער דער גמרא...

„נאָך חנוכּה" האָט אליה אָנגעהויבן זיין מעשה, „האָט זיך יאָ אַ ביסל געטון אין דער ישיבה. מען פֿלעגט שפּילן. מיר פֿלעגן שפּילן אין קאָרטן..."

געזאָגט האָט ער ניט קאָרטן, נאָר „קוויטלעך". און קאָרטן און קוויטלעך דאָס איז גאָר אַ גרויסער חילוק. דאָס איז טאָג און נאַכט, דאָס איז ישראל והעמים... קוויטלעך, דאָס האָט אַ גאַנץ אַנדערן טעם, אַן אַנדערן ריח, דאָס האָט כּמעט אַ ריח פֿון קדושה... סוף־כּל־סוף, חנוכּה מעג מען שפּילן; און וואָס מען מעג, פֿון דעם ווערט באַלד אַ „מען דאַרף", ווערט באַלד גאָר אַ מצווה און — אַזוי הייסט עס טאַקע ביי אונדז פּוילישע יידן: חנוכּה איז אַ מצווה צו שפּילן אין קאָרטן, אין קוויטלעך, מיין איך... אַפֿילו אין אַזאַ גרינגן ענין, אין אַזאַ טפֿל, זעט מען, ווי עס יערט און אַרבעט דער יידישער גייסט, יענער עכטער יידישער גייסט, וואָס שטענדיק פֿאַרלאַנגט ער חילוקים, פֿאָדערט ער אַן אונטערשייד, איז ער מבחין צווישן אונדז און זיי... כּי אין לישראל להתדמות להם...

אָבער דאָס קער זיך ווידער ניט אָן מיט אונדזער מעשה. דאָ האָט זיך ווידער נאָר איבערגעגאָסן אַ וואַסערל, האָט אויפֿגעבליצט אַ פֿלעמל אין דער ציטערנדיקער, דער וויברירנדיקער פֿריזמע...

און איצט ערשט הויבט זיך אָן די מעשה גופֿא...

„מיר האָבן אָנגעהויבן שפּילן אויף דער נאַכט, נאָכ'ן אָנצינדן די חנוכּה־ליכט, און מיר האָבן געשפּילט און געשפּילט, וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיר האָבן דורכגעשפּילט די גאַנצע נאַכט, ביז אינדערפֿרי, ביז ס'האָט אָנגעהויבן שאַריען אויף טאָג... נאָכדעם האָבן מיר געטון אַ דאַוון אָפּ שחרית און —"

און דאָ מוז דער מחבר ווידער איבעררהאַקן אליה'ן...

דאָ מוז איך מיך אָפּשטעלן, אויף אַ רגע, ביי דעם כּוח זיך צו באַהערשן,

מיט וועלכען יידן זענען אין שטאַנד צו געבן אַ האַק איבער דעם יצר־הרע לגבי אַ רעליגיעזן חיוב. איך מוז מיך פאַרנייגן פאַר יענער געוואַלדיקער גייס־טיקער דיסציפּלין, דער ירושה פון אַ טויזנטיעריקער קולטור — יאָ, קולטור! — וואָס איז ביכולת צו טון אַ שטעל אָפּ, מיט איין ריר, דעם אימפּעט פון די חושים, די שליטה פון אַ צעשפּילטערליידנשאַפט...

און הגם מיר אַלע ווייסן, אַז יענע תקופה איז פאַראיבער און וועט זיך שוין קיינמאָל מער ניט אומקערן; אַז עס וועלן מוזן קומען נייע פאָרמען, אַ נייער אויסדרוק פאַר דעם אַלטן, וויל אייביקן יידישן גייסט, פונדעסטוועגן וועל איך מיר ניט לאָזן פאַרדרייען דעם קאָפּ מיט פאַפּירענע פראַזעס, מיר ניט לאָזן איינרעדן, אַז יענע גאַנצע רייכע ירושה איז געווען אַ נאַרישקייט און אַז נאָר זיי, די הייַנטיקע, מיט זייער נאָכמאַלפּען און נאָכבעבען פרעמדע, פּוסטע, גוי׳יי־שע שלאָגווערטער, האָבן זיי איבערגענומען גאַנץ אַליין די שטול און קיניגן, ווי אַבסאָלוטע מאָנאַרכן, איבער דער יידישער קולטור...

נאָר לאָמיר זיך ווייטער צוהערן צו מיין אליה׳ן:

„נאָכן דאַווענען — דאָס ווײסטו דיר אודאי משער זיין — האָבן מיר זיך ווידער צוגערוקט צום טיש און ווייטער געהאַקט. און מיר האָבן געשפּילט און געשפּילט און געהאַלטן אין איין שפּילן ביז אין דער זינקענדיקער נאַכט אַריין, אַלץ אין אַלעמען, אַ חוץ דער קורצער הפסקה פונעם דאַווענען, ווייל געגעסן, דאָס הייסט איבערגעכאַפּט האָט מען בשעת׳ן שפּיל, מער ווי פולע פיר־אונצוואַנציק שעה..."

„איך אַליין" האָט אלינקע צוגעגעבן אַ ביסל פאַרשעמט „איך אַליין בין אַפילו ניט קיין גרויסער שפּילער, הגם איך האָב מיך ניט אָפּגעזאָגט פון דער מצווה און כ׳האָב געאַרבעט אויף וואָס די וועלט שטייט... אָבער דאָ זענען געווען בחורים, למשל טאַקע אַ ברידער מיינער אַליין, וואָס האָבן ביים שפּיל געפלאַקערט ווי אַ פייער... וואָס זאָג איך, געפלאַקערט... דאָס האָט גע־גליט, געבריענט, געפלאַמט, אש להבה... ביי יעדן געווינס האָבן זיך די אויגן זייגע צעשיינט, געלייכט ווי אַ בליץ. איבער די ליפּן איז איבערגעפלויגן אַ שמייכל, אַ מין שנעלער, תמ׳עוואַטע שמייכל, טאַקע נאָר ווי ביי אַ מטורף, מע זאָל אָפּ־געהיט ווערן... אויב ער האָט אָבער אָנגעוואוירן, האָט ער געקריצט מיט די ציין, געזעצט מיט די פויסטן אויפן טיש און אויסגעגלאָנצט אויפן געווינער אַ פאָר אויגן, מיט אַ כעס, מיט אַ שנאה, ווי אָט וואָלט ער אים צעשמעטערט אויף פּיק־פּיצלעך, געמאַכט פון אים פאָרעך, אַ תל... מ׳האָט ממש געקאָנט זען, וואָספאַראַ שליטה דער יצר־הרע באַקומט איבער דעם מענטש, וואָס לאָזט זיך אַריין צו טיף אין זיין רשות... מ׳האָט געקאָנט זען באַשיינפּערלעך —"

איך אָבער האָב געקאָנט זען באַשיינפּערלעך, אַז אַלץ, וואָס אַ טייל יידי־שע מענטשן האָבן אויסגעטראַכט און אָנגערעדט איבער זייער אייגענער אַמאָליקער היים, איבער דער וויג פון זייערע נשמות, איבער דעם גאָרטן פון

זייער יוגנט, אַז אַלץ דאָס איז ניט אמת, אַז אַ ליגן, איז פשוט רכילות... איך האָב געקאָנט זען באַשיינפּערלעך, אַז די באַליבטע טענה זייערע וועגן די ניט מאָדערנע, ניט געזונטע און — פאַר אַלעמען — ניט „היגיעניש״ שולן איז נאָר אַ נאַרישע, אַ ביליקע באָבע־מעשׂה...

אויב, אין היגיענע, אין שפּאָרט, אין פוסבאָל און אין גימנאַסטיקע, און נאָר באַדעקט און געהיט פון די קילע, שיצנדיקע פליגלען פון ריינעם רוחניות, האָט געקאָנט אויפוואַקסן אַ דור, וואָס זאָל פאַרמאָגן דעם כוח און דעם ברען פון אַזאַ ליידנשאַפט, טאָ, זייט געבענטשט איר ישיבות און בתי־מדרשים, איר שוהלן און קלייזלעך און שטיבלעך!...

ווייל קענען וואָס האָבן מיר זיי פאַרביטן? וואָס האָבן מיר איינגעהאַנדלט דערפאַר? ווי גרויס איז געווען דער רווח ביי דעם מסחר, וואו מיר האָבן אויסגעטון אונדזערע אַלטע, יידישע קאַפּאָטעס און אַרויפגעצויגן אויף אונדז די לאַנגע אייראָפּעאישע הויזן?... און צי זענען ניט אפשר יענע נאַאיווע בעלי־מאמינים, יענע ניט פאַרנוצטע, ניט פאַרדאָרבענע, ליידנשאַפטלעכע כוחות, ניט אפשר גאָר אַ נאַציאָנאַלער קרן, אַ פאַרבאָרגן קאַפּיטאַל, אַ טייער־רער אוצר, וואָס מען וואָלט אים געדאַרפט צו היטן ווי דעם שוואַרצאַפּל פון אויג?... צי זענען זיי ניט אפשר אויסדערוויילט צו ווערן אַמאָל, ווען קומען וועט דער טאָג, די אַוואַנגאַרדע פון יענעם חיל פון אונדזער יידישער צו־קונפט, זיך צו שלאָגן אין דער לעצטער שלאַכט מיט די וואָפן פון גייסט?...

דערמיט אָבער בין איך פאַרקראָכן, ווייזט אויס, שוין טאָקע אַ ביסל צו ווייט... אין דער פריזמע האָט זיך געשפּיגלט אַן אידעאַליסטישע השגה מיינע, אַ פאַטאַ־מאָרגאַנאַ אין די שענסטע אולטראַ־וויאָלעטע קאָלירן, אַ וואונ־דערבאַרער, אָבער ווייטער, ווייטער חלום...

לאָמיר זיך דערפאַר בעסער אומקערן צו דער ה י י נ ט י ק ע ר פּאַרטי קאָרטן...

ביים סוף און אַז אליה האָט מיר שוין געהאַט באַשריבן יעדן איינעם פון די שפּילערס, די פאַרשידענע טיפּן און דעם אופן, אויף וועלכען יעדער פון זיי האָט זיך אָפּגערופן ביים שפּיל, איז מיר איינגעפאַלן אים צו פרעגן, אומ־באַוואוסט כמעט און אין אַ שום הינטערפּיסל, פאַר וואָס אייגנטלעך מען האָט געשפּילט...

„פאַר וואָס?״ האָט אליה זיך געטון אַ כאַפּ אויף, כמעט אַ ביסל באַליי־דיקט, „פאַר וואָס מיר האָבן געשפּילט? פאַר געלט, פאַרשטייט זיך...״

„נו, און וויפל איז געווען דיין געווינס?״ האָב איך ווייטער געבויערט.

דאָ האָט ער געענטפערט שוין אַ ביסל שטילער:

„זעכציק גראָשן...״

„און וועגן זעכציק גראָשן, און פוילישע דערצו, האָסטו געשפּילט אַ גאַנצן

מעת־לעת, קיילעכיקע פיראונצוואַנציק שעה?" האָב איך מיך געוויצלט מיט אים, „און ס׳האָט זיך דיר געלוינט, ס׳איז ביי דיר ווערט געווען?"

„וואָס הייסט געלוינט? וואָס הייסט ווערט געווען?" האָט אליה געהע־כערט זיין קול, „מיר איז ניט קיין חילוק געווען זעכציק גראָשן צי זעכציק טאָלער. איך האָב דאָך די זעכציק גראָשן סיי ווי סיי ווידער אָפּגעגעבן... דעם פאַרלירער... אָדער מיינסטו גאָר אפשר איך וועל גיין און נעמען און באַהאַלטן ביי מיר גזל?"...

געלט, וואָס מען געווינט אין קאָרטן, ווערט אָנגעזען פאַר אָפּגעראַבע־וועט, פאַר גזל. און וועלכער רעכטער ישיבה־בחור וועט גיין און נעמען און באַהאַלטן ביי זיך גזל? באַהאַלטן די זעכציק גראָשן וואָלט דאָך שוין טאַקע אמת׳דיק געווען אַן עבירה, און מ׳האָט, דאַכט זיך, דעם יצר־הרע גענוג צוגע־טיילט, אים גענוג געגעבן צו פרעסן, אויב מ׳האָט אים מקריב געווען אַ גאַנצן מעת־לעת, פיראונצוואַנציק שעה ביטול־תורה...

און דאָס איז די מעשה...

און דאָס, רבונו של עולם, זענען אַמאָל געווען יידישע עבירות און דאָס גאָט, דייַנע יידישע בעלי־עבירה׳ניקעס...

און הגם דאָס גאַנצע דערציילעניש מיינס איז אַ ביסל, ווי זאָגט מען, פּאָעטיש צוגעשניטן, זענען דאָס אָבער פאַרט מחשבות און השגות, וואָס לעבן און וועבן אַלץ נאָך אין יידישע קעפּ, אין די טיפעניש פון דער יידישער נשמה.

— — — — — — — — — — — — —

מיט דער מעשה גופא, אויף ווי ווייט מען קען דאָס מין, איך ווייס אַליין ניט וואָס, בכלל אָנרופן אַ מעשה, בין איך, הייסט עס, פאַרטיק.

עס ווילט זיך נאָר צוגעבן נאָך אַ פּאָר רעפלעקסן, אייניקע פועל־יוצא׳ס, איידער מיר וועלן זיך מוזן געזעגענען מיטן חשובן לייענער.

איז, קודם כל, וואָלט איך געוואָלט אויסדריקן מיין האָפענונג, אַז עס האָט זיך מיר איינגעגעבן צו ווייזן בדרך אגב, וויאַזוי אייגנטלעך אַ שרייבער שרייבט, וויאַזוי עס שרייבט זיך, כמעט פון זיך אַליין... וויאַזוי אַזאַ דער־ציילונג וואַקסט אַרויס, בליט אויף און אַנטוויקלט זיך נאָך פאַרשידענע צדדים, ווי אַ שפּראַצנדיקער קרישטאָל... און ווייטער, וויפל פאַרשידענע עלעמענטן צו נייע מעשות, מעשהלעך, עפּיזאָדן און צאַרטע, קליינינקע לי־רישע לידער שטרעקן אַרויס זייערע העלדזלעך און מאָנען, בעטן זיך ממש, צו ווערן אַרויפגעבראַכט צו דער ליכטיקער שיין.

עס איז, ווי כ׳האָב געזאָגט ביים אָנהויב. די טעמעס ליגן אויף דער גאַס, וואַלגערן זיך אין די שטראָזן... און אייגנטלעך קען יעדער פון אונדז, פון אייך, איך מיין, ווי מיינט איר, אָנשרייבן אַזאַ מעשה...

צי אפשר פאַרט ניט?

אמת, דער שטאָף, דאָס מאַטעריאַל איז דאָ. עס ליגט אויסגעשפּרייט, אָפן

פּאַר יעדן איינעמס בליק. טאַקע נאָר אויפצוהויבן... אָבער אויפהויבן דעם שטאָף און אים אַנידערשטעלן אַזוי, אַז די פּריזמע זאָל צעטיילן די פּלעכן אין פאַנטאַסטישע קאָלירן, אין פאַרביקע אַסאָציאַציעס, אין דעם ריטמישן אַרויף און אַראָפּ פון לעבעדיקע, אָטעמענדיקע זאַצן, דאָס באַטייט אפשר פּאָרט אַ שטיקל זכיה, די בחירה פונעם דיכטער...

און אַזוי אַרום קענען ווערטער באַקומען דעם פּוסטע קלאַנג פון אַ בלעכן גלעקל, צי אַפילו דעם חנ׳עוודיקן קלאַנג פון אַ זילבערגלעקל... אָבער עס זיינען פאַרהאַן ווערטער, וואָס האָבן אין זיך דאָס געוויכט פון אַ מאָראַלישן ווילן און די קראַפט און דאָס תקיפות פון אַ מאָראַלישער טאַט!

אויב דער לייענער זאָל מיינען, אַז אין די דאָזיקע שורות געפינען זיך עטלעכע ווערטער פון יענעם סאָרט, וואָלט דאָס געוויס ניט געווען קיין קליי־נער קאָמפּלימענט.

אָבער מיר טאָרן ניט פאַרגעסן, אַז דער שבח, מצד לייענער און דיכ־טער, באַלאַנגט פּאַר אַלעמען צו אים, וואָס האָט געלאָזט לויכטן פּאַר אונדז זיין ליכט, דאָס ליכט, וואָס אַנידערצושטעלן אַלצדינג אין די גרענעצן פון זיי־נע געמאַרקן, איז דאָס גרויסע אחריות פונעם אמת׳ן קינסטלער, דעם גלייביקן דיכטער!